אבא גאָרדין

# אונדזער באנעם




I. אויפגאַבן

II. אידעאַל

III. פּרינציפּן־ און צוועקן־דערקלערונג פון ייִדיש־עטישער געזעלשאַפט



אַרויסגעגעבן פון דער ייִדיש־עטישער געזעלשאַפט

ניו־יאָרק, 1946

# אונדזערע אויפֿגאַבן

## א.

## קיום האומה

דער ענין קיום־האומה איז ניט אַזוי איינפֿאַך ווי ער זעט לכתחילה אויס. מיר'ן פּרובירן אַנאַליזירן די סכנות, וועלכע דראָען אָט דעם קיום.

סכנה נומער איינס. — דער יידישער געזעמל באַשטייט פֿון יחידים. אָן די איינצלנע אַלס באַשטאַנדטיילן וואָלט ער, פֿאַרשטייט זיך, ניט געקענט עקזיסטירן. די כנסת ישראל איז דאָך ניט קיין אַבסטראַקציע, קיין הוילע רוחניות, זי איז אַ „ממשות", עפּעס קאָנקרעטעס, אַ שטיק „בשר־ודם". לכן קען דער יידישער געזעמל אונטערגיין דורך דער פֿאַרניכטונג אָדער אומקום פֿון די יחידים, פֿון די איינצלנע יידן, פּשוט, מחמת זייער פֿיזישער פֿאַרטיליקונג.

אַזעלכע פֿאַרזוכן צו פֿאַרטיליקן דעם יידישן געזעמל דורך דער פֿאַרשניידונג פֿון זיינע איינצלנע מיטגלידער זיינען געמאַכט געוואָרן עטלעכע מאָל אין משך פֿון דער יידישער געשיכטע. אין אונדזער צייט איז דער פֿאַרזוך ווידערהאָלט געוואָרן פֿון די נאַציס. איינער פֿון די פּונקטן פֿון היטלערס פּראָגראַם איז געווען די פֿינצטערע אונטערנעמונג אויסצורייסן דעם כלל ישראל מיט די וואָרצלען דורך דעם, וואָס יעדער ייד אַלס אַזעלכער וועט פֿיזיש ווערן פֿאַרניכטעט. די דאָזיקע פֿאַרניכטונג האָט דער היטלעריזם געוואָלט דערגרייכן דורך אויסהרגענען איין טייל יידן, שעדיקן די רעפּראָדוקציע פּראָצעסן פֿון אַן אַנדער טייל, און די איבעריקע פֿאַרהונגערן צום טויט, דערשטיקן זיי ביז עס וועט קומען צו דער פֿולשטענדיקער אויסראָטונג פֿון דער גאַנצער יידנשאַפֿט.

היטלעריזם האָט פֿאַרדאַמט דאָס יידישע פֿאָלק ניט בלויז אַלס אַ קאָלעקטיוו, נייערט יעדן איינצלנעם זיינעם אַלס אַזעלכן. היטלעריזם האָלט אַז יעדער יידישער יחיד, ווען ער ווערט אינקאָרפּאָרירט אין אַ פֿרעמדן סאָציאַלן אָרגאַניזם, איז ווי אַ ביסל ראָשטשינע, וואָס פֿאַרזייערט דעם גאַנצן טייג. עס איז גענוג אַריינצוואַרפֿן עטלעכע יידישע צעלן, אַריינגיסן עטלעכע טראָפּנס יידיש בלוט — און די גאַנצע ניט־יידישע קערפּערשאַפֿט וועט ווערן פֿון דעם קאָרופּטירט. מהאי־טעמא האָט היטלער זיך פֿאַרנומען צו פֿאַרניכטן אַלע יידן אָן איבערבלייב און „באַפֿרייען" די מענטשהייט פֿון גאַנצע יידן, האַלב

און פערטל יידן. היטלער האָט דערמאָנט שטאַרק, אין פּרט פון יידן־פּרעסע־ריי, אָן המנען, ווי ער ווערט געשילדערט אין מגילת אסתר, אַז ער האָט זיך פאַרמאָסטן „צו פאַרטיליקן, אויסהרגענען און אומברענגען אַלע יידן, פון יונג ביז אַלט, קליינע קינדער און פרויען" (מגילת אסתר ג' י"ג), אָדער גאָר אָן לבנען, ווי די הגדה מאָלט אים, אַז „ער האָט געוואָלט אויסרייסן אַלעמען".

היטלעריזם האָט באַצוועקט פיזישע פאַרטיליקונג פון די יחידים־יידן אַלס פּיזיאָלאָגישע סוביעקטן. ער איז געווען אַ „שונא ישראל" אין פולן, צווייאיקן פשט פון וואָרט, דאָס מיינט, ער איז געווען אַ שונא אי פון כלל ישראל און אי פון יעדן ר' ישראל אַלס אַן אינדיווויד.

סכנה נומער צוויי. — אָבער עס איז דאָ אַ צווייטע סכנה, וואָס דראָט דעם קיום פון יידישן געזעמל. עס זיינען פאַראַן שונאי־ישראל וועלכע זיינען בלויז שונאים פון כלל ישראל און ניט פון ר' ישראל, אָדער וועלכע זיינען גאָר קיין „שונאים" ניט, נאָר, פאַרקערט, זיי שטעלן זיך אַרויס פאַר „אוהבי ישראל". אָט די „פריינטלעכע" פיינט פון כלל־ישראל געפינען אַ סך סימ־פּאַטיזירער צווישן די ר' ישראלס, צווישן די יידן. די־דאָזיקע „יידן־פריינט" זיינען, אויף זייער שטייגער, אי פריינט פון יעדן יידן אַלס אַזעלכן און אַפילו פריינט פון דער געמיינשאַפט. זיי קענען ניט גלייכגילטיק צוזען די יסורים פון דעם יידישן ציבור, זיי קענען ניט בלייבן אינדיפערענט צו די ליידן פון דעם יידישן געזעמל, און, דעריבער, וואָלטן זיי שטאַרק וועלן אַז די יידנשאַפט אַלס אַן איינהייט זאָל זיך דעקאָמפּאָזירן, צעגלידערן, אונטערגיין אַלס עפּעס גאַנצעס, און אַזוי אַרום פּטור ווערן פון די צרות.

דער יידישער אַסימילאַנט טיילט אָט־דעם שטאַנדפּונקט פון דעם „ליבע־ראַלן" ניט־יידן. אויך ער וואָלט וועלן אַז דער יידישער קהל זאָל באַגיין זעלבסטמאָרד, זאָל אויפגעבן זיין עקזיסטענץ אַלס אַ סאָציאַל־קולטורעלער מהות, און זיינע יחידים זאָלן ווערן אינקאָרפּאָרירט, אַריינגעבויט אין דעם בנין פון אַן אַנדער פאָלק און אַן אַנדער לעבן.

דער אמת איז, אַז די צווייטע סכנה איז געפערלעכער, פאַרן קיום האומה, פון דער ערשטער. פיזישע פאַרניכטונג פון די יידן אַלס מענטשן, אַלס פּיזיאָלאָגישע וועזנס איז כמעט ווי אַן אוממעגלעכקייט. „אַ טובה האָט דער קדוש־ברוך־הוא געטאָן די יידן מיט דעם וואָס ער האָט זיי פאַרשפּרייט צווישן די פעלקער" (פסחים פ"ז:). ווייל אָט דער צושטאַנד פון צעשפּרייטקייט־צעוואָרפנקייט איבער פאַרשיידענע לענדער באַרויבט די שונאים פון ישראל, וועלכע באַזיצן מאַכט בלויז אין איין לאַנד, די מעגלעכקייט צו פאַרטיליקן אַלע יידן. זיי קענען די יידן ניט געפינען קאָנצענטרירט בלויז אין איין פּלאַץ. די יידנשאַפט איז, אַזוי צו זאָגן, דעצענטראַליזירט, דעריבער קענען די שונאי ישראל מיט איין קלאַפּ זי ניט פאַרניכטן. בלויז אַ קאָסמאָפּאָליטישע מאַכט, ווען זי איז אויסגעשפּראָכן אַנטיסעמיטיש, וואָלט זיך קענען אַן עצה

געבן מיט אַזאַ „אוניווערסאַלער" בלוט־באָד ווי די אויסהרגענונג פון אַלע ייִדן פון אַלע לענדער.

אָבער אָט די טובה פון פאַרשפּרייטקייט־צעזייטקייט, וואָס פאַרשווערט די אַרבעט פון פיזישער פאַרניכטונג פון די ייִדן, מאַכט לייכט דעם דורכזעץ פון דער אונטערנעמונג פון סאָציאַלער פאַרניכטונג דורך אַ פּראָצעס פון סטיכישער אָדער פּלאַנירטער אַסימילאַציע, דורך דעם נאַטירלעכן און קינסט־לעכן דרוק פון דער פרעמדער סביבה.

די דאָזיקע סאָציאַלע פאַרניכטונגס־אַרבעט איז ניט אַזוי מערקעווודיק ברוטאַל און ווייטיקדיק ווי די פיזישע אומברענגונג. וואָרעם די דאָזיקע פאַרטיליקונג איז ניט פון אַ ביאָלאָגישן כאַראַקטער, נייערט פון פּסיכאָלאָגיש־קולטורעלן שניט.

די דאָזיקע געפאַר פון גייסטיק־קולטורעלן אומקום פון ישראל געזעמל איז גרויס דווקא דאָרטן, וואו דער ייִד אַלס יחיד, אַלס בירגער, פילט זיך גוט, גלייכבאַרעכטיקט, און אַפילו געשמייכלט פון דעם וואָס די ניט־ייִדישע סביבה איבלט זיך ניט פון אים, האַלט אים ניט פאַר עפּעס וואָס איז „מוקצה מחמת מיאוס". עס איז דאָ אַזאַ מין ייִד וואָס איז אַפילו דאַנקבאַר פאַר דער גוטסקייט און פריינטשאַפט פון די ניט־ייִדן, וועלכע זיי ווייזן אַרויס צו אים דורך דעם וואָס זיי זיינען באַרייט אַראָפּצושלינגען דעם ייִדן נאָכדעם ווי זיי האָבן אים גוט צעקייט. איבערהויפּט נאָך, ווען דעם ייִדן דוכט זיך, אַז ער וועט אין פרעמדן מאָגן איבערגעקאָכט און פאַרדייט ווערן צוזאַמען מיט אַנדערע פראַגמענטן פון אַנדערע אָרגאַניזמען, און נאָך מער, ווען ער קען זיך איינשמועסן, אַז ניט ער אַליין ווערט אויס ייִד, נאָר אַז אַלע קינדער פון אַלע פעלקער זאָגן זיך אָפּ פון זייער נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם און דערקלערן זיך פאַר לאָיאַלע זין און טעכטער פון דער גאָרער מענטשהייט.

מ'קען עס כמעט פאָרמולירן אַלס אַ געזעץ: ביידע עקסטרעמען, די שווערע פאַרפאָלגונגען פון ייִדן אַלס יחידים און דער קאָלאָסאַלער דרוק אונטער וועלכן עס שטעלן אַוועק דעם ייִדישן געזעמל די אומפאַרפאָלגונגען פון די ייִדן אַלס יחידים, אומפאַרפאָלגונגען וועלכע ווערן פאַרוואַנדלט פון זיך אַליין אין אומגעהויער שווערע פאַרפאָלגונגען פון ייִדישן ציבור, זיינען בפועל־ממש אַ געפאַר פאַר דער קיום פון דער ייִדישער אומה. דער ייִדישער געזעמל געדייט אַמבעסטן אין דער מיטלמעסיקער זאָנע, דהיינו דאָרט, וואו די אַרומיקע סביבה דיסקרימינירט קעגן דעם ייִדן אַלס יחיד, דערפירט אָבער ניט איר דיסקרימינאַציע צו דעם פונקט פון גרויזאַמער פאַרפאָלגונג. אַזאַ צושטאַנד פון אַרויפגעצוואונגער דיסטאַנץ צווישן דעם ניט־ייִדן און ייִדן גיט דעם ייִדישן ציבור אַ מעגלעכקייט זיך צו באַהויפּטן אָן צופיל ענערגיע־געברויך, וועלכע מוז פאַרשווענדט ווערן אויף איינצוהאַלטן די

אייגענע יחידים פון אַנטלויפן פון אייגענעם לאַגער און אַנטרינען אַהין, וואו דער דינסט איז לייכטער און דער לוין העכער.

אין אַזאַ פאַל פון מילדער סעגרעגאַציע קומט טאַקע דעם יחיד אויס אַביסל צוצולײדן, אָבער דאָס איז אים לייכט צו פאַרטראָגן אין דעם באַוואוסט־זיין, אַז די אַרבעט פון ציבור־אויפהאַלט ווערט, אַ דאַנק אָט דעם צושטאַנד, היפש דערלייכטערט. עס איז יצא הפסדו בשכרו. די פאַרלוסט פון יחיד ווערט קאָמפּענסירט דורך דעם געווינס פון ציבור, אַ געווינס וועלכער קומט אָן צו יעדן יחיד אַלס יידן אויף אַן אַרומוועגיקן אופן.

לכן קומען מיר צו צום מאָמענט פון נעמען גוט באַגרייפן, אַז דאָס ניט־פאַרפאַלגן פון די יחידים יידן אַלס מענטשן מיינט מכל־וכל ניט, אַז די עקזיסטענץ פון דער יידנשאַפט איז געזיכערט. מחמת עס איז ניט גענוג אַז דער ייד צַלס פיזיאָלאָגיש וועזן זאָל זיך אויפבאַוואַרן, בכדי דער יידישער געזעמל זאָל בלייבן גאַנץ. אום דאָס לעצטע זאָל פאַסירן פאָדערט זיך אַלס באַדינגג ניט די בלויזע אויפבאַוואַרונג, נייערט די זעלבסט־באַשטימונג פון יעדן יידן אַלס אַ מיטגליד פון אַ באַשטימטער סאָציאַל־קולטורעלער איינהייט, אַלס אַ באַשטאַנד־טייל פון אַ ספּעציפישן סאָציאַל־עטישן מהות.

און איצט אַז מיר זיינען שוין דערגאַנגען ביז אַהער אין אונדזער אַרגו־מענטאַציע, וועלן מיר מאַכן נאָך אַ טריט ווייטער, און אָנווייזן אויף —

סכנה נומער דריי. — מיר דאַרפן אויפפּאַסן אַז אַפילו דער אויפהאַלט פון יידישן ציבור אַלס אַ גאַנצן איז אויך ניט גענוג פאַר דעם „קיום־האומה״ אין פולן זינען פון וואָרט. ווייל עס קען גריילעך געמאַלט זיין, אַז דער יחיד ייד זאָל טאַקע ניט אַראָפּ פון דרך־הישר, ד״ה, זאָל זיך ניט אָפּשיידן פון ציבור, ניט אַראָפּקריכן פון פאָלקס־וועג, אָבער דערפאַר זאָל עס דער ציבור, אַלס אַ גאַנצער, יאָ טאָן. עס קאָן פאַסירן, אַז דער גאַנצער יידישער געזעמל זאָל זיך פּרובירן אָפּרייסן פון זיין המשכדיקייט, זאָל וועלן פאַרלייקענען זיין פאַרגאַנגענהייט, זאָל פאַרלירן זיין אידענטיטעט־בילד, זאָל צעשטערן זיין אייגענע זעלביקייט.

עס איז לחלוטין ניט אויסגעשלאָסן דער פאַל אַז די כנסת־ישראל, הגם זי וועט פאַרזעצן איר סאָציאַלן באַשטאַנד אַלס אַ באַשטימטע איינהייט, זאָל זיך פאַרפרעמדן פון זיך אַליין, זאָל זיך אַליין פאַרלייקענען, דהיינו, אויפהערן צו פלעכטן ווייטער די רינגעלעך פון איר עטישער קולטור־קייט. און וועגן אָט דער דריטער געפאַר פון זעלבסט־פאַרפרעמדונג, פון פאַלשער שעדלעכער אימיטאַציע, פון אינערלעכער גויאיזאַציע, אַלאַרמירט דער חומש, דאָס איז זיין הויפּט־פחד און קעגן אָט דעם אומגליק ווערט ער ניט מיד צו וואָרענען כמעט אָן אויפהער.

דער חומש דערמאָנט דאָ און דאָרט פאַלן פון יחידים, וועלכע וועלן פאַרברעכן קעגן כלל, וועלן פאַרראַטן „קולטורעל־פּאָליטיש״, וועלן פּרובירן

צו צעבּרעכן די קולטור־איינהייט פון ישראל, שעדיקן זיין אָריגינעלע אידענ־טיטעט. און ער רעקאָמענדירט זייער שטרענגע שטראָף־מיטלען קעגן אָט די „אינערלעכע״ שונאים, די שעדלעכע אימיטאַטאָרן־דעמאָראַליזאַטאָרן.

„דיין אויג זאָל אויף אים קיין רחמנות ניט האָבן״ (דברים י״ג, י״ט). אַ מסית־ומדיח, אַ „פּראָפּאַגאַנדיסט״ פון געצנדינסט און פאַרפירער, איז חייב־מיתה. „זאָלסט אים דערהרגענען״ (דאָרט). אָבער וואָס טראַכט דער חומש בנוגע אַזאַ גייסטיקער ירידה, אַזאַ קולטורעלער קאַטאַסטראָפע ווי ווען דער גאַנצער ציבור, זיין רוב מנין, ווערט פאַרדאָרבן? וואָס זאָגט דער חומש מכוח דעם ווען דער גאַנצער געזעמל נעמט און אייגנט זיך אָן, שאַפט זיך איין אַ פרעמדע קולטור, זאָגט זיך אָפּ פון זיין אייגענעם דרך, פון זיינע אייגענע שאַפונגען און נעמט נאָכמאַכן די אַרומיקע פעלקער, ווער קען דעמאָלט אָט דעם ציבור, אָט די פאַרדאָרבענע געמיינשאַפט באַשטראָפן? דער יידישער בית־דין אין אַזאַ פאַל איז אומבאַהאָלפן. דאָס געריכט משפט ניט דעם „זיגער״ אָדער די מערהייט, אַ פשיטא שוין די טאָטאַליטעט פון אַ פאָלק. איז ווער וועט דאָ זיי משפטן, אַרויסטראָגן דעם פסק־דין און באַשטראָפן? דאָס וועט טאָן די געשיכטע, די היסטאָרישע מערכה פון כלל־ישראל. און די שטראָף וועט זיין פאַרוואָגלונג, פאַרשקלאַפונג, יסורים, קיינמאָל ניט קיין הינריכטונג.

און אָט דעם געדאַנק ברענגט אַרויס דער חומש זייער קלאָר.

עס איז מערקווירדיק, דער חומש טרויט ניט דער יידישער געמיינשאַפט אַלס אַזעלכער, ער פאַרלאָזט זיך ניט אויף אירע נאַטירלעכע נייגונגען. דער חומש איז גאָר ניט זיכער, אַז וויבאַלד די יידן וועלן וואוינען צוזאַמען אויף זייער אייגן לאַנד, פריי פון אַ פרעמדער פּאָליטישער אונטעריאָכונג, וועלן זיי שוין ממילא, פון זיך אַליין, נאַטירלעכערווייז זיין יידן אין פולן פשט פון וואָרט, ווי אַנדערע פעלקער זיינען דאָס וואָס זיי זיינען אָן אַ באַזונדערן אָנשטרענג. ווען אַ פאָלק וואוינט אין זיין אייגענעם לאַנד און איז פּאָליטיש פריי, אומאָפּהענגיק — איז וואָס האָט ער מורא צו האָבן?! די פרעמדע סביבה מיט אירע קולטור־פּראָדוקטן, אירע אמתע אָדער פאַלשע ווערטן קען דאָך אַהין ניט צוקומען, איבערגעוואַלד ווערן אַרויפגעצוואונגען דורך אַן אויסערלעכן פּאָליטישן כוח: און אויב איר השפעה וועט זיך נעמען פילן, וועט דאָך עס זיין אויף אַ פרייוויליקן אופן — איז וואָס איז זיך דאָ צו שרעקן פאַר דעם?! אויב די פרעמד־פעלקערישע ווייאונגען, מיינונגען, סיסטעמען, לערעס, שטימונגען ווערן אויפגענומען, ווערן זיי דאָך, אַלס אַ פאַרבאַדינג־פאַראייגנט, געמאַכט פאַרן קנין פון אייגענעם פאָלק; און וואָס אַ פאָלק טוט, וויבאַלד ער טוט עס אַלס גאַנצעס פאָלק, איז דאָך רעכט, איז כשר וישר, אַ פאָלק קען דאָך ניט אַראָפּ פון זיין פאָלקס־וועג.

אָבער דער חומש קוקט אינגאַנצן אַנדערש אויף דער פּראָבלעם פון פאָלקס־הנהגה. דער חומש באַטראַכט דעם יידישן געזעמל אַלס אַ קערפּער־שאַפט, וועלכע האָט זיך פאַרפליכטעט אָנצוהאַלטן אַ באַשטימטן עטישן רעזשים, וועלכע האָט אָנגענומען אַ לערע, האָט געקראָגן אַ תורה, און די לאָיאַליטעט פון דער דאָזיקער קערפּערשאַפט צו דער דעפיניטיווער געוויסנשאַפטלעכער לערע, צו דעם באַשטימטן עטישן וועלט־באַנעם ווערט בשום אופן ניט גאַראַנטירט דורך דעם וואָס די געמיינשאַפט שאַפט זיך איין אַן אייגענע סאָציאַל־פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סביבה. אָט די צוגע־בונדנקייט צו דער תורה דאַרף ספּעציעל באַהאַנדלט ווערן און ספּעציעל קולטיווירט ווערן און בלויז אויף אַזאַ אופן פון קינסטלעך־באַוואוסטזיניקער קולטיווירונג קען זי פאַרזיכערט ווערן. דער חומש האַלט און זאָגט עס בפה מלא, אַז עס קען געמאָלט זיין אַז אין איר אייגענער סביבה זאָל די יידנשאַפט פאַרשטויסן ווערן, פאַרפרעמדט ווערן פון דער יידישער תורה, פון אירע אייגענע קולטור־ווערטן, פון אירע אייגענע געוויסנשאַפטלעכע פּראָדוקטן.

דער עקאָנאָמיש־פּאָליטישער וואוילשטאַנד פון דעם יחיד איז ניט קיין גאַראַנטיע אַז ער וועט זיך אויסבילדן אין אַן עטישער פּערזענלעכקייט, אַז ער וועט זיך אויפפירן ווי אַ מאָראַלישער מענטש, אָרענטלעך, שיין. לעבנדיק אין עושר און כבוד, אין רחבות און גדולה איז ערשט לייכט נכשל צו ווערן און די נסיונות, וועלכע עס קומט אויס בייצושטיין אין רייכקייט זיינען אַמאָל גרעסער פון די פּרוּוואונגען פאַר וועלכע אָרעמקייט שטעלט. פּונקט אַזוי איז דער פאַל, לויט דער סאָציאַל־פילאָזאָפיע פון חומש, מיט דעם יידישן פאָלק, מיט אָט־דעם „קאָלעקטיוון יחיד". זיין פּאָליטישער און עקאָנאָמישער וואוילזיין איז גאָר קיין ערבות ניט פאַר זיין עטישן, ווי־גע־העריקן אויפפיר. פאַרקערט, אין גוטן, פאַרזיכערטן לעבן שטעקט אַ סכנה, ווי עס זאָגט זיך אין דער פּאָעמע האזינו: „וישמן ישורון ויבעט" (דברים ל"ב, ט"ו) — און ישראל איז פעט געוואָרן האָט ער זיך גענומען בריקעווען, „דער האָבער האָט זיך געשטאָכן" . . . אָדער ווי דער חומש דריקט זיך אויס נאָך דייטלעכער מיט אַ קאַפּיטל פאַר דעם: „און ער וועט זיך אָנעסן, זאַט־ווערן און פעט־ווערן און ער וועט זיך קערן צו פרעמדע געטער, און ער וועט זיי דינען און פאַרשטערן מיין בונד" (דאָרט, ל"א, כ').

די יידישע ריכטיקע הנהגה ווערט ניט באַשטימט דורך אַ מערהייט פון די זיך־אויפפירער, דעמאָקראַטיש. די יידישע הנהגה איז פעסט־געשטעלט לכתחילה, פון פאָראויס, דורך אַ לערע, דורך אַ תורה, דורך אַ באַשטימטער געזעצגעבונג.

אָט וואָס יהושע זאָגט צו די יידן פאַר זיין שטאַרבן: „איך און מיין הויזגעזינד וועלן דינען דעם יהוהן" (יהושע כ"ד, ט"ו). מעגן די איבעריקע

יידן, אַלע יידן, טאָן וואָס זיי ווילן, דינען פרעמדע געצן. יהושע און זיין פאַמיליע וועט זיך ניט רעכענען מיט דעם אויפפיר פון דער מערהייט, ער וועט ניט נאָכגעבן. ער און זיין משפחה וועלן בלייבן געטריי צו דער יידיש־עטישער טראַדיציע. דער חומש לאָזט שוין גאָר צו דעם געדאַנק, אַז דאָס פאָלק, אַלס אַ גאַנצעס, וועט זיך פאַרראַטן, וועט דעמאָראַליזירט ווערן און דעמאָלט וועלן קומען יחידים, יחידי־סגולה און וועלן עס ראַטעווען פון עטישער פאַרדאַרבונג און פאַרטיליקונג.

דאָס איז אייגנטלעך דער לייטמאָטיוו וואָס גייט אַדורך דעם חומש און די נביאים.

דאָס גאַנצע יידישע פאָלק האַנדלט ניט יידישלעך, ניט יידיש־עטיש. ווייל דער אויפפיר פון פאָלק־ישראל ווערט ניט יידיש דורך דעם פאָסט־פאַקטום, דורך דעם בדיעבד פון זיין הנהגה. ניין. די פאָלקסוועגן־מוסטערן ליגן פאַרטיקע, פאָרמולירטע, געשאַפענע אין אַ באַשטימטער תורה און זיי, אָט־די דרכים, זיינען אָבליגאַטאָריש פאַר דער געמיינזאַמקייט, וועלכע איז מחויב זיך אָנצושטרענגען בכדי נאָכצוקומען אָט־די עטישע פאָדערונגען.

„אַז דו וועסט געבוירן קינדער און קינדס־קינדער און דו וועסט זיך עלטערן אין לאַנד און איר וועט פאַרדאַרבן און איר וועט מאַכן אַ געץ . . . נעם איך פאַר עדות הימל און ערד . . . אַז איר וועט פאַרלוירן גיין“ (דברים ד', כ"ה).

דער אייגענער געדאַנק איז אויסגעדריקט אין פילע אַנדערע פרשות און פסוקים, ווי אויך אין דער פאָעמע „האזינו“, וואו דער חומש שעמט זיך ניט צו באַטיטלען די יידנשאַפט מיטן עפיטעט „עם נבל ולא חכם“ (דברים ל"ב, ו') . . . עס קען פאַסירן אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זיך נעמען אויפפירן ווי אַ מנוול . . . פאַרלייקענען זיך אַליין, צערייסן די פעדים מיט דער אייגענער פאַרגאַנגענהייט און אידענטיטעט, און אַזוי אַרום פאַרשפילן, אויף אַ געוויסער צייט, זיין צוקונפט . . .

דער צוועק וועלכן דער חומש פאַרפאָלגט אין פאָרמירן די יידנשאַפט איז ניט צו שאַפן סתם אַ פאָלק, אויסבילדן גלאַט־אַזוי אַ נאַציע, וועלכע, וואָס זי זאָל ניט טאָן, טוט זי וואָס זי דאַרף טאָן, מחמת זי אויסערט זיך אַזוי ווי זי דאַרף און קען זיך אויסערן ווייל זי טראָגט די סאַנקציע פון ריכטיקן אויפפיר אין זיך אַליין, אין איר נאַטירלעכן כאַראַקטער און צושטאַנד. ניין, ניט דאָס איז די כוונה פון חומש און ניט דאָס איז זיין אויפפאַסונג מכוח דעם מהות פון דער יידנשאַפט. דער יידישער געזעמל איז אַן „עם קדוש“, אַ פאָלק וואָס פאַרמאָגט אַ תורה, אַן עטישע ל'ערע, וועלכע ער איז פאַר־פליכטעט אָפצוהיטן. און אויב אַזוי איז דער פאַקט פון וואוינען צוזאַמען אויף דעם אייגענעם באָדן ניט גענוג צו פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון יידישן ציבור אַלס אַ יידישקייט־ציבור.

מיר װעלן סומירן:

קיום האומה װערט ניט געזיכערט דורך דער עקזיסטענץ פון די יחידים ייִדן, דורך זייער אינדיװידועלן װאוילשטאַנד. אַזאַ מצב קען דערגרייכט װערן דורך אַסימילאַציע, דורך דעם אונטערגאַנג פון דער אומה און דעם אויפבאַװאַר פון די ייִדן אַלס מענטשן. קיום האומה מוז דאָך מיינען, אַמװייניקסטנס, אַז די ייִדנשאַפט אַלס אַן אומה װעט עקזיסטירן. קיום האומה מיינט אויך ניט די בלויזע אויפבאַװאַרונג פון דעם ייִדישן פאָלק אַלס סתם אַ פאָלק, אַ סאָציאַל־פּאָליטישן אַגרעגאַט, נייערט אַלס אַן אייגנאַרטיקע אומה, אַלס אַ גוי קדוש, אַ פאָלק װאָס זיין אָריגינאַליטעט ליגט אין דעם װאָס ער שטעלט פאַר מיט זיך אַן עטישע פאָרמאַציע. בקיצור, דריי סכנות לויערן אויף דער ייִדנשאַפט: אַניהילאַציע, אַסימילאַציע און אימיטאַציע־דעמאָראַליזאַציע.

מיר פּרובירן ציען מסקנות:

פון דאָס געזאָגטע דאַרף אונדז קלאָר װערן אַז טעריטאָריאַליזם, פאַר זיך אַליין, איז ניט קיין גאַראַנטיע פאַרן קיום־האומה. אמת, װען דער טעריטאָריאַליזם װאָלט פאַרװירקלעכט געװאָרן װאָלט די עקזיסטענץ פון דער ייִדנשאַפט געװאָרן צו אַ געװיסער מינימאַלער מאָס געזיכערט, פאַר אַ צייט, סאָציאַל פּאָליטיש, אָבער בשום אופן ניט קולטורעל־עטיש. װאָס איך בין אויסן צו זאָגן איז אָט װאָס: טעריטאָריאַליזם זאָרגט װעגן דער ייִדנשאַפט אָבער טראַכט ניט װעגן דער ייִדישקייט. איך באַהויפּט אַז טעריטאָריאַליזם רעדט װעגן דער ייִדנשאַפט אין סאָציאַל־פּאָליטישע טער־מינען, ער איגנאָרירט אָדער אונטערשטרייכט ניט גענוג דעם פאַקט אַז די ייִדנשאַפט איז אַן עטישע פאָרמאַציע. און סע קען גריילעך געבן, אַז דער ייִדישער געזעמל אין זיין אייגענער סביבה, װערנדיק צענטראַליזירט, זאָל אויפהערן צו זיין אַ ייִדיש פאָלק אין געװיסנשאַפטלעכן פשט פון װאָרט, הגם בלייבן אַ ייִדיש פאָלק אין סאָציאַל־פּאָליטישן עקאָנאָמישן טייטש. ארץ־ישראליזם זיינענדיק אַליין אַ באַשטאַנדטייל פון דער ייִדישער טראַדיציע און דער גאולה־דערװאַרטונג, קען מיט פיל מער רעכט און גלויבן צוזאָגן אַז אויף דעם ארץ־ישראל באָדן, װעלכער איז פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט דער ייִדישער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט און אירע בעסטע פאַרטרעטער, די נביאים, — װעט די כנסת־ישראל פאָרזעצן איר עקזיסטענץ לויט די ייִדיש־עטישע מוסטערן. אָבער אַפילו ארץ־ישראל, פאַר זיך אַליין גענומען, קען עס ניט קאַװירן, קען ניט דינען אַלס גאַראַנטיע. און דעם דאָזיקן געדאַנק, אַז עס איז ניט גענוג אַז דער ייִדישער געזעמל זאָל זיך געפינען אין ארץ־ישראל בכדי ער זאָל דורך דעם אַקט אַליין זיין ייִדיש עטיש, װידער־האָלט דער חומש צענדליקער מאָל.

בכדי די ייִדנשאַפט זאָל זיין אַ ייִדישקייט־ייִדנשאַפט, — און ניט בלויז סתם אַ ייִדנשאַפט, אַן אַגרעגאַט פון פיזיאָלאָגישע ייִדן, פון אָפּשטאַם־ייִדן,

וואָס לעבן אַ גוטן טאָג און ווערן ניט פאַרפאָלגט, אָדער אַפילו אַ צוזאַמענגעם פון עקאָנאָמישע, סאָציאַל־פּאָליטישע און קולטורעלע יידן, נייערט טאַקע אַ יידנשאַפט מיט יידישקייט, אַ געזעמל פון געוויסנשאַפטלעכע יידן, — בכדי אָט־דעם צוועק צו דערגרייכן, אָט די באַשטרעבונג צו פאַרווירקלעכן דאַרף מען די יידנשאַפט ספּעציעל דערציען, ספּעציעל לערנען, האַלטן פאַר אירע אויגן געוויסע מוסטערן פון יידישער מאָראַל, פון יידישער געוויסנשאַפט, מיט איין וואָרט, מ'דאַרף פאַרזעצן די קולטיווירונג פון דער תורה. ווען דאָס ווערט ניט געטאָן, הערט דאָס יידישע פאָלק אויף צו זיין דאָס יידישע פאָלק אין תורה־קולטורעלן, יידיש־עטישן פשט פון וואָרט. עס שטאַרבט אָפּ, עס גייט אונטער אַלס אַ קולטור־עטישער מהות.

איך וויל בפירוש באַהויפּטן, אַז פאַר דער יידנשאַפט איז ניט גענוג זיך איינצושאַפן אַ טעריטאָריע אָדער צוריק קריגן ארץ ישראל, שאַפן אַ קיבוץ גליות. אויף דעם וועג קיין ארץ ישראל דאַרף די יידנשאַפט באַנייען דעם „יידישקייט־בונד", דאַרף זיך שטעלן פיגוראַטיוו ביים באַרג סיני. אָן דעם „מתן־תורה" קען ניט זיין קיין „קיום האומה" אין פולן מיין פון דעם־דאָזיקן טערמין.

ב.

## אונדזער צייט

סאָציאַליזם פאַרטייטשט אין פּראָזע אָן דער פּאָעטישער פּסעוודאָ־עסכאַ־טאָלאָגישער פראַזעאָלאָגיע וועלכע מ'האָט געברויכט פאַר פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן — מיינט די שטאַטיזירונג פון דער ווירטשאַפט. און דאָרטן וואו די דאָזיקע כלומרשטע „פאַרגעזעלשאַפטלעכונג" איז איינגעפירט געוואָרן טיילווייז אָדער אינגאַנצן האָט עס געבראַכט צו דער פאַרשטאַרקונג פון דעם שטאַט און די צוואַנגמיטלען, וועלכע ער געברויכט אין זיינע פאַרהעלטענישן צו די בירגער, ד"ה, אַ טאָטאַליטאַרישער רעזשים איז עטאַבלירט געוואָרן [1]). מיט פּשוטע ווערטער, מ'האָט איינגעשטעלט אַ דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט־קאָמי־סאַריאַט אָדער פון דער נאַציע און איר „פירער". אָבער דאָס איז בלויז איין העלפט פון דער באַוועגונג, וועלכע כאַראַקטעריזירט אונדזער צייט. ווען די ווירטשאַפט נעמט אָן אַ „פּאָליטישן" כאַראַקטער און וואַקסט־אויס פון דעם פירמע־היקף צו דעם שטאַט אַרומנעם, קען די אויסערלעכע פּאָליטיק ניט בלייבן סטאַטיש אין איר אַלטן היקף און תחום, זי מוז אויך וואַקסן,

1. Abba Gordin, Communism Unmasked, pp. 115-42. 1940

זיך אויסציען. זי מאַכט אַ טריט פאָראויס. זי ווערט אימפּעריאַליסטיש, זי ווערט איבעןשטאַטלעך. עס ווערט עטאַבלירט און פּאַרפונדעוועט דער שטאַטן־שטאַט. אָבער די פּאָליטישע וועלט איז דאָך אָנגעפּיקעוועט, ווי להבדיל די ווירטשאַפט מיט קליינע באַלעבאַטימלעך־פּריוואַט־איינגטימער, מיט קליינע „אומאָפּהענגיקע" מלוכהלעך, איז וואָס טוט מען? ראַמט מען זיי אָפּ פון וועג, מ'עקספּראָפּריאירט, ריכטיקער, מ'אוזורפּירט זיי. אין דער עקאָנאָמיק קומט פאָר אַן „עקספּראָפּריאַציע פון עקספּראָפּריאַטאָרן" און אין דער פּאָליטיק קומט פאָר עפּעס ענלעכעס, אַן „אוזורפּאַציע פון אוזורפּאַטאָרן" די קליינע מלוכות, ווי כדומה למשל די קליינע ווירטשאַפטלעכע פירמעס, זיינען, אין אַ געוויסן זינען, אָפּגעשטאַנען פון דער צייט, זיי געפינען זיך ניט אין איינקלאַנג מיט די נייע אַנטדעקונגען אויף דעם פעלד פון קאָמוניקאַציע און פאַרטיידיקונג מיטלען. די נייע פאַרקער־מיטלען שלינגען איין דעם שטח, קירצן די דיסטאַנצן, רייסן אַרונטער די געאָגראַפישע מחיצות פון די פּאָליטישע קערפּערשאַפטן, און די נייע מעכאַניזירטע באַוואָפנונג־מיטלען צעשמעטערן די קליינע שטאַטן, וועלכע קענען ניט אויסהאַלטן די „קאָנקורענץ" פון די „גרויסע מאַכטן", דאָס מיינט קענען זיך ניט שטעלן קעגן זיי.

די קליינע שטאַטן האָבן געדאַרפט זיך פאַראייניקן, פעדערירן פּריוויליק. אַזאַ פאַרזוך איז געמאַכט געוואָרן, דאָס איז געווען די „פעלקער־ליגע". דער פאַרזוך האָט זיך אַרויסגעשטעלט צו זיין אַ דורכפאַל, צוליב דער ריוואַליטעט פון פראַנקרייך און ענגלאַנד און דאָס פון־וויטן־שטיין פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. אַזוי אַז פון דער פעלקער־ליגע איז געוואָרן אַ „פעלקער־ליגן", ווי מ'האָט עס קלאָר געזען אין איר האַנדלונג קעגן יאַפּאַן, קעגן איטאַליע, ווען אָט די רוצחים האָבן באַפאַלן שוואַכערע פעלקער, ווי כינע און עטיאָפּיע.

ווען זיי פעדערירן ניט פּריוויליק, וועלן זיי פעדערירט ווערן איבער־געוואַלד. מיט בייזן ווערן זאַכן, וועלכע פאָדערן פאַראייניקונג, געטאָן לייכטער ווי מיט גוטן. עד היום האָבן זיך די אַרבעטער ניט אויסגעלערנט, — יעדנפאַלס קומט עס זיי אָן שווער — אָנצוגיין מיט זייער ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט אויף פרייע קאָאָפּעראַטיווע יסודות, בשעת אויפן מאָדוס פון געדונגענשאַפט, ד"ה, געצוואונגענער קאָאָפּעראַציע, איז אויסגעוואַקסן דער, מאוימדיקער אין פאַרנעם און פּראָדוקטיוויטעט, קאַפּיטאַליזם. דאָס אייגענע בנוגע דעם פּאָליטישן צוזאַמענלעבן פון די שטאַטן. אויף איין אופן אָדער אויף אַן אַנדערן וועלן געשאַפן ווערן די אומגעהויער גרויסע „פּאָליטישע טראָסטן", די קאָלאָסאַלע אַמאַלגאַמס, די גיגאַנטישע צוזאַמענשמעלצונגען פון די קליינע מלוכות.

דאָס איז די אויפגאַבע וואָס שטייט אויף דער טאָג־אָרדנונג פון אונדזער עפּאָכע.

מיר אַלס יידן זיינען פאַראינטערעסירט מיט לייב און לעבן אַז די אויפ־גאַבע זאָל דורכגעפירט ווערן אונטער דער אויפזיכט און פירערשאַפט פון די דעמאָקראַטישע לענדער, דהיינו, אין דער פאָרם פון „פאַראייניקטע פעל־קער״, ווייל טאָמער פירט עס דורך אַ וועלכע עס איז פאַשיסטישע רעגירונג, וועלן מיר געשטעלט ווערן פנים לפנים פאַר דער סכנה פון אַניהילאַציע. אָבער אויך דער צווייטער פאַל גאַראַנטירט ניט אונדזער עקזיסטענץ אַלס אַ יידישער אייגנאַרטיקער ציבור, ווען אַפילו ענגלאַנד וואָלט אונדז געגעבן ארץ ישראל אָדער אַן אַנדער טעריטאָריע. מיט דעם וואוקס פון דער גרויסער אימפעריע וואַקסט איר אַסימילירנדיקער כוח. און די סכנה פון אַנגלאָזאַציע אָדער אַמעריקאַניזאַציע פון דער יידנשאַפט וועט ווערן גרעסער מיטן דערוואַרטעטן און רעאַליזירטן זיג פון די אַנגלאָ־זאַקסישער פּאָליטיק, עקאָנאָמיק און קולטור. מ׳דאַרף פאַרשטיין, אַז אונטער די אומשטענדן פון גרויס־מלוכהשאַפט, ווען עס וואָלט זיך אונדז איינגעגעבן צו שאַפן אַ יידישע היים אין ארץ ישראל און אַפילו צו גרינדן אַ „יידנשטאַט״, וואָלטן מיר דאָך סיי ווי סיי געווען ניט מער ווי וואַסאַלן פון דער גרויסער אימפעריע און די געפאַר פון דער קולטור־עטישער אַניהילאַציע, פון אימיטאַציע־דעמאָראַליזאַציע וואָלט געווען אומגע־הויער גרויס. און די יידנשאַפט דאַרף איצט, פאַרשטייענדיק איר לאַגע, אָננעמען אַלע מעגלעכע מיטלען בכדי צו פאַרפעסטיקן איר בנין פון יידישקייט, די יסודות פון וועלכער עס זיינען סיי ווי היפש צעטרייסלט. איך מיין ניט, זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אויסצוזעצן קעגן יידישן ישוב אין ארץ ישראל, דאָס לאַנד מיט וועלכן סיי אונדזער פאַרגאַנגענהייט און סיי אונדזער צוקונפט גאולה־טרוים איז פאַרוועבט. וואָס איך וויל זאָגן איז, אַז דער „פּאָליטישער ציוניזם״ אָן אַן עטיש־יידישקייט ביילאַגע איז ניט צופרידנשטעלנדיק, ווייל אין בעסטן פאַל, ווען ער זאָל אַפילו פאַרווירקלעכט ווערן, קען ער, פאַר זיך גענומען, ניט זיכערן די ווייטערע קולטורעל־עטישע אייגנאַרטיקייט פון כלל ישראל.

צו דעם דאַרפן מיר צוגעבן נאָך אַ וויכטיקן שטריך. מיר, יידן, לויט דער אויפפאַסונג סיי פון חומש און סיי פון תלמוד, זיינען ניט קיין היסטאָרישע נאַציע, דאָס הייסט אַ פאָלק וואָס באַגנוגנט זיך מיט דעם וואָס עס לעבט אַ געוויסע היסטאָרישע צייט און דערנאָך גייט עס אונטער, פאַרשווינדט עס פון דער אַרענע, ווערט צעבראָכן פּאָליטיש און מישט זיך אויס מיט די שכנים־הערשער אָדער שכנים אונטערדריקטע פאָלקסטימער. אונדזער אָמ־ביציע איז צו זיין אַן עטישע קאַטעגאָריע און אַן אייביק פאָלק. מיט דעם דאָזיקן צוועק פון אייביקן לעבן האָבן מיר זיך געשטאַלטעט אַנדערש פון אַלע פעלקער. מיר האָבן זיך קאָנסטיטואירט אויף דעם גרונט פון אַ תורה,

אַדאַנק וועלכער מיר זיינען אַ „נצח ישראל״, ווי מיר באַהויפּטן עס אין „ברכת־התורה״.

„אשר בחר בנו מכל העמים ונתן לנו את תורתו . . . אשר נתן לנו תורת אמת וחיי עולם נטע בתוכנו״ . . . „ער האָט אונדז אויסגעקליבן פון אַלע פעלקער און האָט אונדז געגעבן זיין תורה . . . ער האָט אונדז געגעבן אַן אמת־לערע און האָט איינגעפלאַנצט אין אונדז דאָס אייביקע לעבן״.

מיט אַנדערע ווערטער מיר זיינען ניט קיין געוויינטלעך דורכשניט־פאָלק. אַן אייגן לאַנד אַליין קען אונדז ניט פאַרזיכערן אונדזער אייביקן קיום. עס זיינען געווען גענוג פעלקער וואָס האָבן פאַרמאָגט אייגענע לענדער, שטאַטן, אויך מעכטיקע אימפּעריעס און דאָך האָט זיי זייער פּאָליטישע עשירות ניט מציל געווען פון מלאך־המות, פון אונטערגאַנג, פון טויט. אַ לאַנד קען מען צונעמען, אַ שטאַט, אַפילו אַן אימפּעריע, קען מען חרוב מאַכן. מיר האָבן פאַרפונדעוועט אונדזער לעבן אויף אַ יסוד, אויף וועלכן קיין אויסערלעכער כוח קען קיין שליטה ניט האָבן. אונדזער באַזע איז אַ תורה, אַ געוויסנשאַפט, עפּעס סוביעקטיוועס, וואָס קיינער קען עס ביי אונדז ניט צונעמען.

קיום האומה מיינט דער אייביקער קיום פון דער אייביקער אומה און דאָס קען ניט פאַרווירקלעכט ווערן אָן דער הילף פון יידישקייט אַלס אַ געוויסנשאַפט.

אָבער ווען מיר שטעלן מיט אַזאַ קאַטעגאָרישקייט דעם טראָפּ אויף יידישקייט און יידיש־עטישער טראַדיציע, דאַרפן מיר זיך באַוואָרענען און צוגעבן אָט דעם געדאַנק: אַלטע ציוויליזירטע פעלקער ליידן פון אַ קולטורעלן קאָנסערוואַטיזם [2]). מיר דאַרפן זיך היטן פון אָט דער טויט־טראַגנדיקער חולאת. דער יידישער געזעמל טאָר ניט מומיפיצירט ווערן, ווערן אַן אָביעקט פאַר אַ היסטאָרישן מוזיי. און, באמת, דאַרף מען ניט צופיל באַשולדיקן דעם משכיל. צו זיין פאַרטיידיקונג דאַרף געזאָגט ווערן, אַז ער האָט זיך געוואָרפן אין די אָרעמס פון גויאיזאַציע בכדי זיך צו ראַטעווען פון דער דערשטיקנדיקער קאָנסערוואַציע. און מיר, ווען מיר קערן זיך אַוועק מיט אַזאַ אַנטשלאָסנקייט פון דער משכילישער אַסימילאַטאָרישער אימיטאַציע דאַרפן מיר שטיין אויף דער וואַך, זיך היטן ניט אַריינצופאַלן צוריק אין דער זעלביקער צרה פון וועלכער מיר וואָלטן נאָכדעם זיך דאַרפן ראַטעווען מיט אַזעלכע געפערלעכע מיטלען, וועלכע דער משכיל האָט געברויכט.

יידישקייט דאַרף זיך אַנטוויקלען, פליסן, ניט גליווערן.

---

2) זע, אבא גאָרדין, מאָראַל אין יידישן לעבן, זז. 278־279.

# המשך — ניט שיידוועג

המשך — ניט שיידוועג. מיר טיילן ניט די מיינונג פון די עלעמענטן ביי אונדז, וואָס שטעלן זיך פאָר, אַז מיר, יידן, שטייען אויף אַ שיידוועג און באַהאַנדלען ערנסט די פראַגע: וואוהין מיר זאָלן גיין, אויף רעכטס, אויף לינקס, פאָראויס, צוריק? די שיידוועג אידייע און שטימונגען האָט אַריינגע־בראַכט אַחד העם, וועלכער האָט באַטיטלט זיינע עטלעכע בענד פון אויפגע־זאַמלטע עסייען מיטן נאָמען „על פרשת דרכים", וואָס מיינט „אויף דעם שיידוועג".

אָט די אידייע איז אַ פאַלשע און אַ שעדלעכע.

זי איז פאַלש, ווייל, בכלל, איז עס גאָר אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן, אַז אַ פאָלק וואָס איז אַלט געשיכטלעך בערך פיר טויזנט יאָר און פאַר־געשיכטלעך אין־לשער עלטער (ווי זיינע מיטאָסן זאָגן עדות גאַנץ קלאָר און דייטלעך) זאָל זיך אינמיטנדערינען אַוועקשטעלן און נעמען צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון זיין מאַרשרוט, אין דער צוועקמעסיקייט פון זיין גאַנג, אין דער גלייכקייט פון זיין דרך, אויף וועלכן ער גייט שוין אַזוי לאַנג און מיט אַזאַ קאָלאָסאַלן מאָראַלישן דערפאָלג.

די שיידוועג־אידייע איז שעדלעך מיט דעם וואָס זי טראָגט אַריין אַ צעמישעניש אין די מוחות, אַ פאַרווירעניש אין די געדאַנקען, און אַ באַ־שווערונג אין די געמיטער. זי שאַפט דעם איינדרוק אַז מיר, יידן, קווענק־לען זיך, וואַקלען זיך, מיר ווייסן ניט וואָס צו טאָן, מיר שלאָגן זיך מיט דער דעה, מיר צווייפלען גאָר צי מיר געפינען זיך אויף דעם דרך הישר. אַזאַ זעלנצושטאַנד איז אומגעזונט, קען אַרויסרופן אַ פּאַניק.

דער אמת איז, אַז מיר געפינען זיך מיטביידע פיס אויף דעם יידישן וועג און מיר זיינען פעסט אַנטשלאָסן, אָן אַ ברעקל ספק, צו גיין ווייטער, ניט אָפּנויגנדיק אויף אַ האָר ניט אויף רעכטס און ניט אויף לינקס. מיר האָבן אויסגעקליבן דעם יידישן לעבנסוועג נאָך אין ספר דברים (ל', י"ט) און מיר גייען פאָראויס און זיינען ממשיך אונדזער גאַנג און שליחות.

מיר לעבן איבער אַ שווערע צייט, אַ קריזיס. אָבער אַזאַ שאַרפן איבער־גאַנג און איבערבראָך מאַכט די יידנשאַפט אַדורך ניט צום ערשטן מאָל. מיר האָבן איבערגעלעבט ניט קיין ווייניקער טיפן קריזיס נאָכן חורבן, ווען דער גאַנצער יידישער איינשטעל איז איינגעבראָכן געוואָרן מחמת אַ גאַנצער סעריע פון עפּיזאָדן פון אַ קאַטאַסטראָפאַלן כאַראַקטער, וועלכע האָבן אָנגערירט דעם לעבנס־נערוו פון יידישן פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן אָרגאַנזים.

נאָכן חורבן פון שטאַט, לאַנד און טעמפּל, נאָך דעם ווי סיי די פּאָליטישע און סיי די רעליגיעזע אינסטיטוציעס זיינען צעשעדיקט געוואָרן, סיי דער צענטער פון אָרגאַניזירטן פּאָליטישן לעבן און סיי דער צענטער פון אָרגאַני־זירטן רעליגיעזן לעבן זיינען פאַרניכטעט געוואָרן, האָט זיך דער יידישער געזעמל ניט געשטעלט, אין פאַרצווייפלונג און אָפּהענטיקייט, אויף אַ שיידוועג, נייערט האָט פאַרגעזעצט דעם אָנגעהייבענעם סאָציאַל־קולטורעלן לעבן אויף אַ נייער פלאַך, אויף אַ העכערן ניוואָ, אויף אַ מער פּסיכאָלאָגישן, אַ מער באַוואוסטזיניקן אופן. פונקט אַזוי וועט איצטער געטאָן ווערן. די יידנשאַפט וועט ניט אַריינפאַלן אין יאוש, זי וועט זיך ניט לאָזן באַהערשן פון פּחד און דעפּיטיסטישע שטימונגען.

ד.

# דער מעטאָד פון תלמוד

דער מעטאָד פון תלמוד. — דער תלמוד, די תורה שבבעל־פּה, האָט געשאַפן אַ המשך. דער תלמוד האָט דערהייבן און געלייטערט די אַלטע פאָרמען און שטייגערס פון דעם יידישן קולט. ער האָט קולטיווירט, געפלעגט און אויסגעברייטערט די התחלות, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער תורה שבכתב.

דעם בעסטן מוסטער פון דעם תלמודישן מעטאָד אין דער עוואָלוציע פון יידישקייט ליפערט אונדז דער ענין קרבנות און עבודה אין בית המקדש. די קרבנות זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן אונטער דער ווירקונג פון אַן אויסערלעכן פאַקטאָר, דורך דעם וואָס דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן און די יידן זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד, און זיינען געצוואונגען גע־וואָרן אַוועקצוגיין אין גלות. אין די פרעמדע לענדער האָבן די יידן זיך ניט באַמיט פאַרצוזעצן דעם טעמפּל־קולט. אָנשטאָט דער פּראַקטיק פון די קרבנות האָבן די גרינדער פון תלמוד איינגעפירט דאָס לערנען וועגן דער פּראַקטיק פון די קרבנות, ווי אויך תפילה־ווידויים. דאָס מיינט, אַז זיי האָבן סובלימירט די גאַנצע עבודה און האָבן אויסגעברייטערט און געמאַכט פאַרן עיקר דעם טייל אירן, וועלכער איז געווען פון אַ פּסיכאָלאָגישן כאַראַקטער. די אַנט־וויקלונג און סובלימאַציע פון דעם ענין קרבנות איז פאַרגעקומען שטופנווייז און האָט גענומען דורות־איבער־דורות: פון מענטשלעכן קרבן איז מען אַריבער צום בהמה־קרבן, פון בהמה־קרבן צו דעם ווידוי, צו דעם זעלן־קרבן וואָס ווערט געבראַכט אין „געבראָכענעם געמיט". „זבחי אלהים — רוח נשברה" (תהילים נ"א, י"ט) אלהימס שלאַכטונגען איז אַ דעמיטיק גייסט; אַ צעבראָכן און פאַרדריקט האַרץ וועסטו, אלהים, ניט פאַראַכטן".

די נביאים האָבן אָט־דעם איבערגאַנג־אַרויפשטייג אַנטיציפּירט, זיי האָבן געקעמפט דערפאַר. ערשט פיל שפּעטער האָט זיך עס איינגעגעבן דורכצופירן. און די דורכפירער זיינען געווען די חכמי־התלמוד, זיי האָבן איבערגעשמידט אַ פּאָליטישן אַראָפּפאַל אין אַ רעליגיעז־עטישן אַרויפשטייג [3].

זיי האָבן אינטערפּרעטירט דעם פּסוק פון הושע (י״ד, ג׳) „ונשלמה פרים שפתינו״: „מיט וואָס וועלן מיר באַצאָלן פאַר די אָקסן? מיט די ליפּן״ (מדרש שיר השירים ד׳) . . . „מיט וואָס וועלן מיר באַצאָלן פאַר די אָקסן וואָס מיר פלעגן אויפּאָפּערן פאַר דיר? מיט די ליפּן, מיט וועלכע מיר זיינען מתפלל״ („ילקוט נביאים״ ר׳, תקל״ט) „און עס איז גלייך ווי ער וואָלט געבויט אַ מזבח און געבראַכט אויף אים אַ קרבן״ (יומא פ״ו:).

אָט דעם מעטאָד דאַרפן מיר אָנווענדן אין אונדזער צייט, ווען מיר פלייסן זיך צו ציען ווייטער דעם אַנטוויקלונגס־פּאָדעם פון יידישקייט: ד״ה, אַוועקשטעלן דעם פּסיכאָלאָגיש־אינטעלעקטועלן מאָמענט אָנשטאָט דעם פיזישן, אָנשטאָט דער פּראַקטיק פון יידישן קולט איינפירן דאָס שטודיום מכוח אָט יענער פּראַקטיק, זען זי אויספאָרשן, פאַרשטיין איר אויפקום, אַנטוויקלונג און אומקום. אָט־דעם מעטאָד דאַרפן מיר געברויכן בנוגע גאָר אַ גרויסן טייל פון דעם יידישן צערעמאָניאַל און ריטואַליסטיק. אַזוי האָבן געטאָן די פאָטערס פון תלמוד און אַזוי וועלן מיר דאַרפן טאָן. דאָס איז ניט קיין

3) „אַזוי ווי דער קולט פון מזבח הייסט עבודה, אַזוי דאָס לערנען הייסט עבודה״ (ספרי דברים, מ״א). „און אַ ריינע מנחה״, דאָס איז דער, וואָס לערנט תורה אין ריינקייט״ (מנחות ק״י). „...דאָס זיינען די לערנער, וואָס לערנען תורה ביי דער נאַכט, דער פּסוק הייבט זיי אויף אַזוי הויך, ווי זיי וואָלטן זיך פאַרנומען מיט דער עבודה״ (דאָרט). „דאָס איז דער טיש וואָס פאַר דעם ה׳ (יחזקאל מ״א, כ״ב) . . . כל זמן דער בית המקדש איז געשטאַנען פלעגט דער מזבח פאַרגעבן די זינד פון מענטשן, איצטער טוט עס דעם מענטשנס טיש״ (חגיגה כ״ז.). „דער וואָס שעכט דעם יצר־הרע און איז זיך מתוודה אויף אים איז פאַררעכנט ביי דעם פּסוק ווי ער וואָלט מכבד־געווען דעם הייליקן געבענטשט־איז־ער מיט צוויי וועלטן, די וועלט און יענע וועלט״ (סנהדרין מ״ג:). „כל זמן דער בית המקדש איז געשטאַנען פלעגט אַ מענטש ברענגען אַ קרבן־עולה, פלעגט ער קריגן שכר פאַר אַן עולה, מנחה — דעם שכר פון מנחה, אָבער דער וואָס איז ביי זיך אַראָפּגעפאַלן, ווערט ער פאַררעכנט ביי דעם פּסוק ווי ער וואָלט געבראַכט אַלע קרבנות צוזאַמען״ (דאָרט). „ווער עס באַשעפטיקט זיך מיט דער לערע פון חטאת איז גלייך ווי ער וואָלט געבראַכט אַ קרבן חטאת, און דער וואָס פאַרנעמט זיך מיט דער לערע מכוח דעם אָשם, איז גלייך ווי ער וואָלט געבראַכט אַ קרבן אָשם״ (מנחות ק״י). „לערנער וואָס פאַרנעמען זיך מיט דעם שטודיום פון דער עבודה איז גלייך ווי דער בית־המקדש וואָלט ווערן אויפגעבויט אין זייער צייט״ (דאָרט). „לערנען די תורה איז וויכטיקער ווי מקריב זיין דעם קרבן תמיד״ (מגילה ג׳:).

מיר האָבן געבראַכט די דאָזיקע טעקסטן, מיר האָבן געקענט ברענגען פיל מער, אָבער מיר זיינען זיכער אַז זיי זיינען גענוג צו באַווייזן אונדזער טעזיס אַז דאָס אַריבערגיין פון דאָס פיזישע צו דעם פּסיכאָלאָגיש־אינטעלעקטועלן איז דער מעטאָד פון תלמוד, וועלכן ער האָט אָנגעווענדט אויף דעם געביט פון יידיש־רעליגיעזן קולט.

רעפאָרם־אַרבעט, דאָס איז אַנטוויקלונג־אַרבעט. האָט איר אַמאָל געזען, אַז עמיצער זאָל רעפאָרמירן אַ וויסנשאַפטלעכע דיסציפּלין? דאָרטן רעפאָרמירט מען ניט, נאָר מ׳שאַפט ווייטער, מ׳אַנטוויקלט, דאָס הייסט מ׳גייט מיט דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג. מ׳וואַקסט סיי אין דער ברייט און סיי אין דער טיף. בנוגע יידישקייט איז דאָס אייגענע. דער תלמוד האָט ניט געשאַפן קיין רעפאָרם־באַוועגונג, נאָר ער האָט אויפגעבויט אַ צווייטן שטאָק אויף דער יידישקייט־געביידע.

ה.

## עוואָלוציע

עוואָלוציע. — יידישקייט דאַרף און וועט זיך אַנטוויקלען. אַנטוויקלען מיינט: אַנדערע טיילן וועלן ווערן סובלימירט, פאַרביטן דורך העכערע עלעמענטן וועלכע זיינען פסיכאָלאָגיש מער אינטענסיוו; אַנדער טיילן, ווייטער, וועלכע געפינען זיך דאָרטן אַלס זוימען, דאַרף מען קולטיווירן אַזוי, אַז פון דער זריעה זאָלן אַרויסוואַקסן גאַנצע פלאַנצן. יידישקייט האָט נאָך ניט געזאָגט איר לעצטן וואָרט. זי האַלט נאָך ערשט ביי איר סאַמע אָנהייב. לאָמיר נעמען די הויפּט־אידייע פון יידישקייט, דאָס מיינט איר קעגנערשאַפט צו געצנדינסט. דער קאַמף פון די נביאים קעגן פוסטן צערעמאָניאַל און פאַר דער עטיזירונג פון דער יידישער ריטואַליסטיק איז געווען אַן אַפּלייטונג פון דעם הויפּט־פּרינציפּ, פון דעם אַנטי־פּאַגאַניזם. נבואה האָט געשעפּט איר פּאַטאָס פון דעם קאַמף קעגן געצנדינסט, בכלל, קעגן „עבודה זרה״, קעגן יעדער „עבודה״ וואָס איז געווען פוסט און לער פון עטישע עלעמענטן.

אָט דער שטרייט איז נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט. מ׳קען זאָגן, אַז ער האָט זיך קוים אָנגעהויבן. געצנדינערישע [4] עלעמענטן זיינען עד־היום פאַרבליבן סיי אין יידישקייט, אין דער ספּעציפיש־יידישער ריטואַליסטיק און יידישן צערעמאָניאַל און סינאַגאָגאַלן שטייגער, סיי אין אונדזער אַלגעמיינעם וועלט־באַנעם. מ׳קען זיכער באַהויפּטן אַז אָט דער קאַמף, וועלכן יידישקייט האָט אָנגעהויבן, איז אַן אייביקע באַשעפטיקונג, וואָס וועט זיך קיינמאָל ניט אויסלאָזן [5]. פּאַגאַניזם פאַרמאָגט אַזויפיל שטופּן און אַזאַ פאַרצווייגונג, אַז אינגאַנצן אים אויסראָמען פון אַלע ווינקעלעך פון מענטשלעכן לעבן איז כמעט ווי אוממעגלעך, יעדנפאַלס איז עס אַן אַרבעט אויף דורות און דורות, אויף טויזנטער יאָרן. אַפילו די פיל קלענערע אויפגאַבע, וואָס די נביאים האָבן זיך

4) זע, אבא גאָרדין, יידישער וועלט־באַנעם, זז. 247־259.

5) דאָרט, זז. 200־203.

געשטעלט, און דאָס איז די „עטיזירונג" פון דער יידישער „עבודה", פון דער יידישער הנהגה בכלל איז אויך נאָך זייער ווייט פון צו זיין דורכגעפירט. אַזוי אַז זייער אַרבעט איז אויך געבליבן ביים סאַמע אָנפאַנג.

דער קאַמף פאַר דער מאָראַליזירונג פון יידישן לעבן דאַרף פאָרגעזעצט ווערן מיט דעם נביאישן ברען, התלהבות און קאָמפּלוסטיקייט.

בכלל געפינען מיר זיך אין מיטן פון פּראָצעס אָדער ביים סאַמע אָנהייב פון דורכפירן עפּעס גרויסעס אין די גרענעצן פון יידישקייט. ניט נאָר האַלט ניט יידישקייט ביים אונטערגיין, אַנטאַרטן זיך מחמת זקנה, נאָר, פּונקט פאַרקערט, זי דאַרף זיך ערשט נעמען אַנטוויקלען אַלס אַ געזונטע דער־וואַקסענע לעבנס־סיסטעם.

די נביאים דאַרף מען פאַרטייטשן, פאַרטיפן, דערהייבן. די אידעאַלן פון די יידישע זעער און פאָראויסזאָגער, — סיי די וועלכע זיינען פון אַ קאָסמישן אָדער ביאָלאָגיש־פּסיכאָלאָגישן כאַראַקטער און סיי די, וועלכע זיינען פון אַ סאָציאַל־פּאָליטישן כאַראַקטער, ווי די אויסלייזונג פון פאָלק־ישראל און די אָפּשאַפונג פון דעם ממשלת־זדון — דאַרף מען דערקלערן אין היינט־צייטיקע טערמינען[6]. און זיי ניט נאָר דערקלערן, נייערט טאַקע אויס־ברייטערן, דעטאַליזירן, אַזוי צו זאָגן.

דאָס אייגענע דאַרף געטאָן ווערן בנוגע די אויפטואונגען פון תלמוד. די יידישע יוריספּרודענץ דאַרף באַאַרבעט ווערן און פאָרגעזעצט ווערן. מ'דאַרף נעמען פירן אַ קאַמף פאַר דער רעסטאַווירונג פון יידישן בית־הדין. מ'דאַרף אויך אונטערזוכן און באַאַרבעטן די יידישע היגיענישע וויסנשאַפט.

## ו.

## לערנען

מער ווי אויף אַלץ דאַרף געשטעלט ווערן דער טראָפּ אויף לערנען תורה, ד"ה, פאָרזעצן און ווייטער באַאַרבעטן די יידישע אידעאָלאָגיע. מיר דאַרפן זען צו מאָדערניזירן דעם יידישן בית־מדרש, וועלכער איז געווען דאָס וואָס זיין נאָמען זאָגט פילאָלאָגיש, אַ פּלאַץ פון לערנונג, ניט בלויז פון גאָטעסדינסט. אַפילו דער יידישער געבעט, די יידישע תפילה, האָט אויך געהאַט אין זינען, הויפּטזעכלעך, דאָס דערפילן די פליכט פון לערנען, מקיים־זיין דעם אָנזאָג „והגית בו יומם ולילה" (יהושע א', ח') „און זאָלסט טראַכטן וועגן אים טאָג און נאַכט". אַלע וואָך פלעגט מען אין בית־המדרש דורכלייענען אַ גאַנצע

6) זע ווייטער ז. 62.

פרשה פון דער תורה. אַזוי אַז דורכן יאָר פלעגט מען דורכגיין אַלע פינף חומשים מיט אַ צולייג פון אַ טייל פון די נביאים, וועלכע פלעגן צוקומען אַלס די הפטורות. און די פרשה האָט זיך אַזוי אַריינגעגעסן אין סאַמע לייב פון דעם צייט־פאַרלויף, אַז זי איז געוואָרן אַ טייל פון לוח, און די וואָך האָט געקראָגן און געטראָגן דעם נאָמען פון דער פרשה . . .

אַ ייד איז ניט אינטעליגענט סיידן ער באַזיצט יידישע קענטעניש. ווי געבילדעט אין אייראָפּייאישן טייטש פון וואָרט ער זאָל ניט זיין, בלייבט ער אַן עם־הארץ. אַן עם־הארץ מיינט ניט אַ ייד, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין וויסן בכלל, קיין אַלגעמיינע בילדונג, נאָר דער וואָס באַזיצט ניט קיין יידישע קענטענישן, פאַרמאָגט ניט קיין יידישע בילדונג.

צו אונדזער גרויסן צער מוזן מיר קאָנסטאַטירן, אַז די יידישע גאַס ווערט, פשוט, פאַרצערט פון עם־הארצות. מיר מיינען ניט צו זאָגן, אַז די יידישע אינטעליגענציע אין אַן אַלגעמיינער בילדונג, זי איז אָבער געבליבן כמעט ווי אינגאַנצן אָן יידישער לומדות.

דער בית־מדרש אַלס אַ פּלאַץ, וואו מ׳לערנט, וואו מ׳פירט אָן קלאַסן, קורסן וועגן יידישע קעגנשטאַנדן פעלט אונדז אויס.

דער אַלט־מאָדישער ייד פון דעם קליינשטעטל פלעגט זיך אַריינכאַפּן כמעט אַלע טאָג אין בית־מדרש אַריין, לכל־הפחות, צווישן מנחה און מעריב. דאָרטן פלעגט ער זאָגן אָדער הערן אַ וואָרט תורה. ער האָט באַלאַנגט צו אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך טאַקע פאַרנומען ספּעציעל מיט לערנען: דאָרט איז געווען אַ חברה ש״ס פאַר די, וואָס האָבן געקענט, און געהאַט צייט, אָפּצולערנען אַ בלאַט גמרא; אַ חברה „משניות״ — פאַר קלענערע קענער; אַ חברה „עין יעקב״ פאַר גאָר פשוטע יידן; אַזוי איז עס געגאַנגען בהדרגה אַראָפּצו ביז ס׳איז געקומען צו אַ חברה, וואָס האָט געלערנט חומש מיט רש״י אָדער, נאָך נידעריקער, בלויז געזאָגט תהלים.

ביי אונדז, היינטוועלטיקע יידן, זיינען אַזעלכע געזעלשאַפטן גאָר ניט בנמצא. מ׳האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו לערנען. איך רייד וועגן די בעסערע עלעמענטן ביי אונדז. זיי קהלן זיך, טוען ניצלעכע אַרבעט, קלייבן געלט פאַר וויכטיקע צוועקן, אָבער זייער אייגענע יידישע בילדונג טוען זיי פאַרנאַכלעסיקן. זיי זיינען, ס׳רוב, אַזוי פאַרעסקט, אַזוי פאַרטאָן מיט מיטינגען, מיט זיצונגען, אַז זיי האָבן ניט קיין פרייע צייט אַריינצוקוקן אין אַ יידישן ספר אָדער בוך. ביי די יידן פון אַלטן שטייגער (פון וועלכע מיר מעגן זיך אַ סך אָפּלערנען) האָט אַזאַ פאַרגעסן דעם עיקר גאָר ניט געקענט געמאָלט זיין. זיי האָבן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס לערנען די תורה, שטודירן די יידישע וויסנשאַפט־לעכע געוויסנשאַפט האַלט אויף די יידישע וועלט, אַז אָן אַ יידישער קולטור קענען מיר ניט עקזיסטירן. אויב אַ שעפערישע אייגנאַרטיקע קולטור ביי אַנדערע פעלקער איז אַ לוקסוס זאַך בנוגע זייער עקזיסטענץ און פאָליטישער

געדייאונג, איז עס ביי יידן אַן ענין פון דער ערשטער נויטווענדיקסטער באַדערפעניש. אָן אייגנאַרטיקער יידיש־עטישער קולטור קענען מיר זיך ניט באַהויפּטן, קענען מיר זיך ניט באַגיין, ווײַל זי דינט אַלס באַזע פאַר אונדזער קיום. אָט־דעם פונקט, די אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט פאַר אונדזער אויפהאַלט אַלס פאָלק צו לערנען תורה, שטודירן יידישע קעגנשטאַנדן, זיך פאַרטיפן אין יידישער אידעאָלאָגיע — איז אינגאַנצן פאַרזען געוואָרן אין די אַזוי גערופענע „פריי־דענקערישע" קרייזן, וועלכע האָבן געדאַרפט זיין קרייזן וואָס זיינען פריי צו דענקען און זיינען געוואָרן קרייזן, וואָס זיינען פריי פון דענקען און שטודירן די יידישע געוויסנשאַפט.

ז.

## וועלטלעכקייט און יידישקייט [7]

וועלטלעכקייט, בכדי זי זאָל זיך קענען האַלטן און ניט בלייבן בלויז פוסטע ריידעריי, דברים־בטלים־פּלאַפּלעריי אָדער סתם בטלנות, מוז האָבן אירע אינסטיטוציעס. רעליגיע פאַרמאָגט אַ קירך, די וויסנשאַפט — דעם אוניווערסיטעט און אַקאַדעמיע. די הויפּט־אינסטיטוציע פון דער מאָדערנער „וועלטלעכקייט" איז דער שטאַט. ניט פאַרמאָגנדיק קיין יידישן שטאַט, קענען מיר, באמת, ניט האָבן קיין נאָרמאַל־„וועלטלעכע" אַנשטאַלטן. און די פאַר־זוכן, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן צו שאַפן אַזעלכע אינסטיטוציעס אין די גלות־לענדער, ווערן זיך אַרויסשטעלן צו זיין פול־מאָסיקע דורכפאַלן, צוליב כמה וכמה טעמים.

די אַרומיקע באַפעלקערונג ווי טאָלעראַנט און „ליבעראַל" און „גוט צו יידן" זי זאָל ניט זיין, וועט ניט דערלויבן אונדז צו פאָרמירן „אַ שטאַט אין אַ שטאַט", צו שאַפן אַ „יידישע מלוכה" אויף אַ פרעמדן באָדן און אין די גרענעצן פון אַן אַנדער מלוכהשער יוריסדיקציע־ספערע. דער בעסטער ליבעראַל, דער „אוהב ישראל", אויך ער וויל ניט, אַז מיר זאָלן זיך באַהויפּטן אַלס אַ זעלבסטשטענדיקע גרופּע. און ווען מיר ווילן עקזיסטירן און זיך זעלבסט־באַשטימען אָן צופיל קעגנערשאַפט מצד פון דער אַרומיקער סביבה, דאַרפן מיר עס טאָן אונטער דעם צודעק פון רעליגיע, וועלכע האָט זיך אין די דעמאָקראַטישע לענדער אויסגעקעמפט געוויסע פרייהייטן. אַזוי אַז ניט אַריינגייענדיק אין קיין פילאָזאָפישע חקירות מכוח דעם מהות פון רעליגיע און אירע שייכותן צו דער וויסנשאַפט און צו דער וועלטלעכקייט און מכוח דעם פאַנאַנדערטייל פון זייערע תחומים, נאָר אורטיילנדיק פון אַ ריין סאָציאַל־

7) זע, אבא גאָרדין, מאָראַל אין יידישן לעבן, זז. 29־42, 248־262.

פּאָליטישן שטאַנדפּונקט, באַהויפּטן מיר, אַז אונדזער אינערלעכע אויטאָנאָמיע, אונדזער אינערלעכע אומאָפּהענגיקייט קענען מיר אויפבאַוואָרן בלויז מיט דער הילף פון דעם אויסרייד, אַז מיר פאָדערן און פּראַקטיצירן רעליגיעזע פרייהייט, מער ניט.

ח.

# שפּראַכיזם

אַנדערע האָבן זיך איינגעשמועסט ביי אונדז (פון אָט דער ריכטונג איז דער הויפּט וואָרט זאָגען געווען ד״ר חיים זשיטלאָווסקי), אַז זיי וועלן קענען אויפהאַלטן די עקזיסטענץ און פאַרזיכערן אויף ווייטער די אַנטוויקלונג פון יידנשאַפט מיט דער אויסשליסלעכער הילף פון אַ שפּראַך, יידישיזם אָדער העברייאיזם, ד״ה שפּראַכיזם. דער גראָבער טעות פון אָט־די „שפּראַכיסטן״ באַשטייט דערין, וואָס זיי באַגרייפן ניט אַז ביי אונדז, אונטער אונדזערע אומ־שטענדן איז די שפּראַך אַן אָביעקט וואָס קען גאָרניט אויפהאַלטן, ווייל ער אַליין נייטיקט זיך אין אַן אויפהאַלטער. דעם יידן קומט אויס אויפצוהאַלטן זיין שפּראַך כמעט מיט מסירת־נפש. די אַרומיקע סביבה וויל זיין שפּראַך אַראָפּשלינגען, זי צעמזיקן, און די פרעמדע סביבה רייסט, באמת, אַרויס גאַנצע שטיקער פון דעם יידנס לשון, זי רייסט זיי אַרויס פון זיין מויל. בכדי אַ ייד זאָל זיין ביכולת אויפצובאַוואַרן זיין לשון מוז ער הינטערן לשון אַוועקשטעלן אַ קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו, אַן עטישן באַפעל, וועלכער זאָל אים הייסן, גוזר זיין אויף אים אָפּצוהיטן זיין לשון אין אַ מינימאַלער מאָס פון ריינקייט.

אַ רוס, אַ דייטש, אַ פראַנצויז רעדט זיין רוסיש, דייטש, פראַנצויזיש אויף אַ נאַטירלעכן אופן. זיין לשון איז אויסגעוואַקסן אין דער דאָזיקער סביבה אין וועלכער ער געפינט זיך. זיין לשון איז אַן אינטעגראַלער טייל פון זיין גאַנצער געאָגראַפישער, פּאָליטישער, עקאָנאָמישער און קולטורעלער אַרומגעבונג. דאָס אייגענע איז ריכטיק בנוגע אַנדערע פּאָליטישע אומ־אָפּהענגיקע פעלקער. אַנדערש איז די יידישע מערכה. דער ייד קען זיין לשון ניט אויפהאַלטן אויף אַ נאַטירלעכן אומבאַוואוסטזיניקן שטייגער. דער ייד מוז קעמפן פאַר זיין לשון. ער מוז זיין שפּראַך קולטיווירן, פלעגן, אָפּהיטן באַוואוסטזיניק. אַ ייד מוז האָבן אַ ספּעציעלע „שמירת־הלשון״. ביי דעם יידן מוז דער לשון ווערן אַ מצוה זאַך, אַניט וועט זיך זיין לשון אין אַ קורצער צייט אַנטאַרטן.

פילע פון אונדז האָבן געמאַכט אַזאַ ווען פון דעם פאַקט וואָס „יידיש״ איז אַ מוטערשפּראַך. זיי האָבן, ווייזט אויס, פאַרגעסן, אַז זיי עוסקן זיך

מיט יידן וועלכע זיינען קיינמאָל ניט זיכער מיט זייער איינגעזיעסנקייט און מיט דער סטאַביליטעט פון דער שפּראַך פון די מוטערס. איין דור איז אַוועק, דאָס וואוינלאַנד האָט מען געביטן, און עס איז שוין כמעט ווי אינגאַנצן אויס מיט דער „מוטערשפּראַך". מיר, יידן, קענען זיך ניט פאַרלאָזן אויף די נאַטירלעכע „וועלטלעכע" פּראָצעסן, ווייל אָט די אַלע פּראָצעסן ווירקן קעגן אונדז און ניט פאַר אונדז. ביי אונדז מוז לשון אויפהערן צו זיין אַ געוויינטלעך לשון, אַ פאַרקער־מיטל, אַ פּראָסטע כלי, ער מוז ווערן אַ דבר־שבקדושה, אַ מיטל פאַרן אויפהאַלט פון דער יידנשאַפט. עס מוז ווערן אַ פליכט, אַ געבאָט, אַ מצוות־עשה צו ריידן און שרייבן דעם יידישן לשון, און אַ פאַרבאָט, אַ לאו ניט צו געברויכן צווישן זיך קיין פרעמדע שפּראַך. און בכדי מיר זאָלן עס קענען דורכפירן מוזן מיר האָבן ערגעץ אַ סיסטעם פון פליכטן, פון מצוות און די דאָזיקע אָנזאָגונגען מוזן האָבן אַ סאַנקציע, אַן אויטאָריטעט, וועלכער זאָל קענען וויטאַליזירן אָט־די סיסטעם פון התחייבותן. „וועלטלעכ־קייט" פאַרמאָגט ניט אַזאַ אינערלעכע, מאָראַליש־צווינגנדיקע קראַפט. וועלט־לעכקייט איבט אויס איר אויטאָריטעט דורך אַן אויסערלעכן כוח, דורך פּאָלי־טישער מאַכט. וועלטלעכקייט געברויכט די סאַנקציע פון שטאַט.

ט.

## די לייזונג פון דער יידן־פראַגע איז אַן אויסלייזונג

אַ יידן קען ניט נאָר די „וועלטלעכקייט" אַפילו די וויסנשאַפט ניט צופרידן שטעלן. פאַרוואָס? דערפאַר וואָס דער יידנשאַפט קומט אָן זייער שווער זיך אויפצוהאַלטן אונטער דעם דרוק פון דער פרעמדער סביבה און די אָפטע רדיפות. אַלס אַ מיטל פאַר איר אויפהאַלט, — אַלס אַ געווער אין קאַמף פאַר איר נאַקעטער עקזיסטענץ, וועלכע איז הוילע אינסיסטענץ, אַ וואָלונטאַרער איינגע׳עקשנטער אַקט, — פאַרמולירט די יידנשאַפט אַ צאָל גאָר הויכע אידעאַלן און צווישן זיי איר אידעאַל פון גאולה. די יידישע פראַגע קריגט ניט קיין לייזונג, זי פאָדערט אַן אויסלייזונג, אַ מין „יציאת מצרים", אַ גאולה. און די יידישע דערוואַרטע גאולה קען ניט אויסגעדריקט ווערן, קען ניט באַגרינדעט ווערן ניט ריין וועלטלעך און ניט ריין־וויסנ־שאַפטלעך. דאָס קען באַווייזן בלויז אַ רעליגיעזע דיסציפּלין, וועלכע בויט אויף ריין אידעאַליסטישע יסודות.

בכלל קען קיין אידעאַל ניט באַגרינדעט ווערן וועלטלעך אָדער וויסנ־שאַפטלעך. די וויסנשאַפט אַלס אַ באַשטימטע עקספּערימענטאַלע אָדער אונטערזוכונג און באָאָבאַכטונג דיסציפּלין קען אונדז ניט צושטעלן דעם

מאַטעריאַל, וועלכער וואָלט זיך געטויגט פאַר דער אויפריכטונג פון אידעאַל־געביידעס. אמת, פאַרזוכן זיינען געמאַכט געוואָרן צו באַגרינדן סאָציאַלע עקאָנאָמיש־פּאָליטישע אידעאַלן, ווי סאָציאַליזם, אַנאַרכיזם, כלומרשט וויסנשאַפטלעך, זיי האָבן זיך, אָבער, אַרויסגעוויזן צו זיין פולשטענדיקע דורכפאַלן. די כלומרשטע וויסנשאַפטלעכע בנינים זיינען איינגעפאַלן ווי קאָרטן־שטיבלעך. אָבער בנוגע סאָציאַליזם איז דער דורכפאַל פון אידעאַל אַ קנאַפּער אומגליק פאַרן פּראָלעטאַריאַט: ווי נאָר דעם אַרבעטערס לאַגע ווערט פאַרבעסערט, די שעהן פון אַרבעט קירצער, די שכירות העכער, אַזוי ווערט ער גלייך אָפּגעקילט צו די מעסיאַנישע טענדענצן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער ווערט באַלעבאַטיש, „סטאַטעטשנע" און ער הערט זיך אויף צו קימערן מכוח דער ווייטער צוקונפט. נאָך מער, וואָס אַ טייל פון פּראָלעטאַריאַט פאָרמירן גאַנץ פרי אַ הערשנדיקן קלאַס פון אָרגאַניזאַטאָרן. און פאַר די לעצטע ווערט דער „סאָציאַליסטישער אידעאַל" פאַרווירקלעכט אויף אַזויפיל אויף וויפיל עס לוינט זיך זיי אַלס אַ דאָמינירנדיקער מינדערהייט. מער דאַרפן זיי ניט. מער ווילן זיי ניט. און די באמת נידעריקע און נידערגעשלאָגענע שיכטן פון אַרבעטערשאַפט זיינען גאָר קיינמאָל ניט געווען גענוג שעפעריש, אַז זיי זאָלן האָבן געהאַט ביכולת צו פאָרמולירן אַן אייגענע אידעאָלאָגיע און אַן אויסלייזונג־אידעאַל. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן פאַר זיי פון מיט־גלידער פון אַן אַנדער קלאַס, וועלכע האָבן זיך געגרייט צו דער ראָלע פון אַרבעטערשאַפט־פירער, פון פּראַצע־פּריצים . . . חוץ דעם האָט זיך די אַרבעטערשאַפט קיינמאָל ניט געפונען אין אַזאַ טרויעריקער לאַגע, אַז איר זאָל דראָען די סכנה פון אומקום, פון פולשטענדיקער דעגענעראַציע, פון פאַנאַנדערפאַל, אַזוי אַז אַרום און אַרום האָט זי קיינמאָל ניט געדאַרפט האַלטן פאַר אירע גייסטיקע אויגן אַ גאָר דערהויבענעם אויסלייזונג־אידעאַל בכדי מיט זיין הילף פון אינספּירירונג, פון האָפענונג און ביטחון, זיכערקייט פון רעאַליזאַציע, זיך צו ראַטעווען פון ערגסטן שונא, דאָס הייסט פון מלאך־המות, וואָס לויערט אויף איר. דאָס איז קיינמאָל, אין די ערגסטע צייטן און אונטער די ערגסטע אומשטענדן, ניט געווען דער פאַל.

לחלוטין אַן אַנדער פּאָזיציע פאַרנעמט דער יידישער געזעמל. ער מוז פאָרמולירן אַן אויסלייזונג־אידעאַל, אַ באַשטרעבונג צו פאַרריכטן דעם גאַנצן וועלט־איינשטעל און עטאַבלירן אַ מלכות־שדי. דער יידישער ציבור לעבט אונטער אומגעהויער שווערע באַדינגונגען. ער געפינט זיך כסדר און תמיד אין אַ געפערלעכן מצב: צייטנוייז ווערט ער פאַרפאָלגט ביז צו דער ליניע פון פיזישער פאַרניכטונג פון זיינע יחידים; צייטנווייז ווערט ער באַדריקט ביז צו דער ליניע פון דער פאַרניכטונג פון דעם צוזאַמענקנופּ, וואָס האַלט צוזאַמען זיינע יחידים, אַזוי אַז זיי זאָלן דיסאינטעגרירן אַלס מיטגלידער פון אַ באַשטימטן אייגנאַרטיקן אַגרעגאַט. היוצא, דער יידישער געזעמל, די כנסת־

ישראל, געפינט זיך טאָג־טעגלעך אין אַ סכנת־נפשות לאַגע. מ'קען אפילו זאָגן, אַז די צייטן, ווען די יידן, אַלס מענטשן, ווערן ניט פֿאַרפֿאָלגט, זיינען די געפערלעכסטע פעריאָדן, ווייל דעמאָלט ווערן זיי צעהרגעט, צעשעדיקט און, פשוט, געמאָרדעט מיט פריינטלעכקייט, מיט גוטסקייט, מיט איין וואָרט, זיי ווערן געצוואונגען אויף אַ העפלעכן, צירלעך־מאַנירלעך אופן, אונטער־צוּוואַרפן זיך אַ פראָצעס פון גויאיזאַציע, דאָס מיינט זיי ווערן גערודפט אַלס יידן, די יידן אין זיי ווערן געפלאָגט און געיאָגט דורך דעם וואָס די מענטשן אין זיי ווערן באַפריינדעט און אַזוי אַרום ווערן זיי צעבראָכן און צעדרוזגעט פון אינעווייניק. דער לעצטער מין פֿאַרפֿאָלגונגען איז געפער־לעכער פון דעם ערשטן פֿאַרן קיום האומה, ווייל מ'זעט אים ניט, מ'באַמערקט אים ניט, ער ליגט ניט אויף דער אויבערפלאַך, ער האָט צו טאָן מיט דער זעל, ער פאַגראַמירט די יידישע נשמה, בשעת ער גלעט און לאַסטשעט דעם גוף. דער סם־המות ווערט באַשאָטן מיט צוקער, דער צוקער איז פאַר דעם גוף, ד"ה פאַרן יחיד, דער סם פאַרגיפטעט און טויט אָפּ די נשמה, ד"ה, דעם כלל. דער יידישער געזעמל געפינט זיך אין אַ פילפאַכיקער סכנה: פיזישע פאַרניכטונג אָדער גייסטיקע פאַרניכטונג, אינדיווידועלע פאַרטיליקונג, אויס־ראָטונג אָדער קאָלעקטיווע אומברענגונג, וועלכע ווערט דורכגעפירט מיט דער הילף פון דעקאָמפּאָזיציע.

און בכדי צו קענען עקזיסטירן, ניצול ווערן פון אָט דער טאָפּלטער געפאַר, פון אינדיווידועלן אָדער קאָלעקטיוון טויט, פאָרמולירט די יידנשאַפט איר נאַציאָנאַלן און אוניווערסאַלן טרוים. דער טרוים איז געדולדיק. ער איילט ניט צו פאַרוואַנדלען זיך אין אַ וואָר. מיט זיין הילף באַצוועקט דער ייד זיך צו ראַטעווען פון אונטערגאַנג. דער טרוים איז אַ מיטל וואָס ווערט געברויכט אין קאַמף פאַר עקזיסטענץ. די אויסלייזונג־אידייע באַ־שטרעבט ניט אויף אַזויפיל די באמתע אויסלייזונג פון די צרות, ווי, הויפּטזעכלעך, די אויסלייזונג פון טויט, פון אונטערגאַנג. משיח ווערט געבוירן אין יעדן דור און קומט אין יעדן דור און ער לייזט אויס די גלויבנדיקע יידנשאַפט פון פאַרצווייפלונג, וועלכע וואָלט געפירט צו איר אומקום, וועלכע וואָלט גורם געווען איר פאַרטיליקונג. דער ייד האָט פאַר זיינע גייסטיקע אויגן דעם אידעאַל פון אויסלייזונג ניט בכדי גלייך צו לייזן זיין גלות־פראַגע נאָר בעיקר כדי צו לייזן זיין לעבנס־פראַגע, בכדי ער זאָל קענען אויסהאַלטן דעם דרוק פון דער פרעמדער און, ממילא, שטענדיק פיינטלעכער סביבה. אָט־דער גאולה אידעאַל נערט דעם יידישן ביטחון, שפייזט און דערהאַלט די איינגעגלייבטקייט אין די אייגענע כוחות. אָט־דער אידעאַל גיט דעם יידן די זיכערקייט, אַז סוף כל סוף וועט יושר זיגן, און מיטן זיג פון יושר און צדק וועט קומען די יידישע אויסלייזונג.

אָבער דעם דאָזיקן אידעאַל קען מען בשום אופן ניט באַגרינדן אַנדערש

ווי בלויז אויף אַ רעליגיעזן יסוד, ד״ה, אויף דעם גרונט פון יידישקייט. אַזאַ זיכערקייט אין דעם טריאומף פון יושר און צדק, ד״ה, פון אידעאַל איבער דעם רעאַל פאָדערט אַלס פאָראויסגעשיקטע הנחה די באַהויפּטונג, אַז די וועלט און די מענטשהייט שטייען אונטערן צייכן פון דעם בראשית־דיקן „כי טוב״! דאָס הייסט, עס פאָדערט זיך דערצו אַ גלויבן אַז דער קאָסמאָס איז אַן עטישע סיסטעם און ער איז בלויז אַראָפּ פון דרך הישר, און ער וועט זיך צוריק אומקערן צו זיין נאָרמאַלן צושטאַנד, וועלכער איז דער עטישער מצב. אידייען און שטימונגען פון אָט־דעם מין, די אחרית־הימימדיקע געזינונגען, זיינען אַ פּראָדוקט פון אַ רעליגיעזן וועלט־באַנעם.

פאַר דער יידנשאַפט איז רעליגיעזער פּאַטאָס, עקסטאַז, די לופט, מיט וועלכער זי אָטעמט. דאָס איז די איינציקע אַטמאָספערע, אין וועלכער די יידנשאַפט קען עקזיסטירן. אויסערהאַלב פון אָט דעם „זויערשטאָף־גע־צעלט״ ווערט זי דערשטיקט.

אין דער ניט־יידישער וועלט האָט מען געקענט דערקלערן, אַז „רעליגיע איז אַ פּריוואַטער ענין פאַר יעדן יחיד צו באַשיידן״. ביי דעם ניט־יידן איז עס אַזוי. אַלס יחיד פילט ער זיך אומהיימיש אין אָט דער פרעמדער קאָסמישער וועלט, אין דער דאָזיקער פיינטלעכער, אָדער ניט איבעריק פריינטלעכער, פיזישער סביבה און בכדי ער זאָל קענען איינלעבן און אויסלעבן זיך אין אָט־דעם וועלטל פאָדערט ער אַן אָנהאַלט, אַ שטיץ־פונקט, אַ שוץ־מיטל קעגן אומגליקלעכע פּאַסירונגען, אַ פאַרזיכערונג קעגן שלים־מזלדיקע צופאַלן, ווי קאָסמישע און מענטשלעך־פּערזענלעכע קאַ־טאַסטראָפעס[8]).

מיט אָט דעם צוועק פון ווערן היימיש מיט דער אייגענער פּסיכאָלאָגישער און פיזישער סביבה שאַפט זיך דער יחיד זיינע רעליגיעזע ווערטן. דאָס איז אַלץ גערעדט וועגן יחיד בכלל.

אין לשער שווערער און קאָמפּליצירטער איז די לאַגע פון דעם יידן. ביי אים קומט צו די אומהיימלעכקייט און פיינטלעכקייט פון דער סאָציאַלער סביבה, אין וועלכער ער געפינט זיך. די ניט־יידישע סביבה דראָעט אים מיט פאַרפאָלגונגען און אַפילו אומקום. אָבער צו דער אייגענער צייט באַדראָט זי נאָך מיט גרעסערער פּרעכקייט און אַכזריות דעם קיום פון זיין ציבור. לכן קען ניט, אין דעם געגעבענעם פאַל, יעדער יידישער יחיד אויסאַרבעטן זיין דערלייזונג־סיסטעם אויף זיין אינדיווידועלן שטייגער און אין זיין אינדיווידועלן נוסח. אויסלייזונג, דערלייזונג, גאולה־טרוים, רע־

8) זע ווייטער ז״ז 8־57.

טונג־ווייזיע איז אַן ענין פאַרן גאַנצן כלל ישראל. דער יידישער ציבור אַלס אַזעלכער דאַרף שאַפן זיין אויסלייזונג־אידעאַל, ווייל ער געפינט זיך דאָך יעדן טאָג און יעדע שעה אין אַ סביבה, וועלכע וויל אים דעקאָמפּאָזירן, צעגלידערן, פראָסט — פאַרניכטן.

אין דער הגדה של פסח לייענען מיר:

„ווייל ניט בלויז איינער איז אויפגעשטאַנען אונדז צו פאַרלענדן, נייערט אין יעדן דור און דור שטייט מען אויף אונדז צו פאַרלענדן און דער הייליקער געבענטשט איז ער ראַטעוועט אונדז פון זייערע הענט״.

דאָס איז אַ ריכטיקע באַשרייבונג פון דער יידישער סיטואַציע. די אַרומיקע סביבה, די בעסטע, אפשר, נאָך מער ווי די ערגסטע, וויל אונדז פאַרטיליקן אַלס אַ ציבור. ניט אין יעדן דור האָבן מיר אַ היטלער, וואָס זעצט זיך אָן אויף אונדז און וויל אונדז אומברענגען פון דער וועלט פיזיש אַלס יחידים, אָבער אין יעדן דור האָבן מיר הונדערטער גוטע פריינט ניט־יידן, האָבן מיר אַ גאַנצע אינטענסיווע אומגעבונג וועלכע וויל אונדז, נאַ־טירלעכווייז, גויאיזירן, אומברענגען אַלס אַ באַשטימטן אַגרעגאַט.

בכדי צו מאַכן מעגלעך פאַר אים דאָס אויסהאַלטן דעם מאוימדיקן דרוק האָט דער יידישער געזעמל געשאַפן אַזאַ דיסציפּלין ווי יידישקייט, וועלכע אַנטהאַלט אַ סומע אידעאַלן, אַ רעגולירטן לעבנס־שטייגער און אַ דעפיניטיווע ריטואַליסטיק.

די יידנשאַפט קען ניט עקזיסטירן אָן דעם אידעאַל פון גאולה שלמה, אָן דער באַשטרעבונג און זיכערקייט פון אָנקום פון אַ סאָציאַל־פּאָליטישער דערלייזונג. אָט־דער אידעאַל און די זיכערקייט פון זיין פאַרווירקלעכונג קענען אויסוואַקסן, קולטיווירט ווערן בלויז אויף אַ טיף־רעליגיעזן באָדן. די יידנשאַפט האָט זיך ניט געקענט באַפרידיקן מיט אַ נאַטור־וויסנשאַפט־לעכער אָדער אַלגעמיין־וויסנשאַפטלעכער דיסציפּלין, ווייל נאַטירלעך האָט זי ניט געקענט עקזיסטירן, אַ פשיטא שוין ניט געקענט דערוואַרטן אויף אַ נאַטירלעכן שטייגער איר אויפריכטונג. דעריבער האָט די יידנשאַפט אויס־געאַרבעט אַ געוויסנשאַפטלעכע דיסציפּלין, געשאַפן און געפלעגט אַן עטישן אָפּטימיזם, אַנטוויקלט אַ קערפּערשאַפט פון דאקטרינעס, וועלכן קוקן אויף דער וועלט פון שטאַנדפּונקט פון מענטשלעכן געוויסן, פון שטאַנדפּונקט פון יושר און צדק. די יידנשאַפט האָט אָנגענומען אַ וועלט־באַנעם וואָס באַהויפּטעט, אַז דער יסוד פון דער וועלט איז צידקות און באַרעמהערציקייט. לויט דעם יידישן פאַרשטיין איז ווירקלעך אַלץ וואָס איז יושרדיק, און וואָס עס איז אומיושרדיק מוז סוף־כל־סוף אונטערגיין, קען ניט האָבן קיין קיום, ווייל עס האָט ניט קיין וואָרצלען אין דעם באָדן פון דער ווירקלעכקייט. אָט־דאָס איז דער בליק פון די נביאים און די חכמי־התלמוד. און דער

דאָזיקער עטיש־אָפּטימיסטישער שטאַנדפּונקט קריגט זיין אויסדרוק אין ספר תהלים.

זעט מיט וואָס פאַר אַ קאַטעגאָרישקייט דער תהלים זאָגט אונדז גלייך ביי דער ערשטער באַגעגעניש.

„וואויל איז דעם מענטשן, וואָס איז ניט געגאַנגען אין דעם ראָט פון די רשעים און אויף דעם וועג פון די אומגערעכטע איז ער ניט געשטאַנען און אין דער זיצונג פון די אָפּשפּעטער איז ער ניט געזעסן . . . ער וועט זיין ווי אַ בוים וואָס איז געפלאַנצט ביי אַ ריטשקעלע וואַסער . . . ניט אַזוי די רשעים, וואָס זיינען ווי פּלעוועלעס וואָס דער ווינט פאַרשטויסט . . .״

אָט מיט דער באַהויפּטונג עפנט זיך דער תהלים, און זי דינט אַלס גרונט־טאָן פאַר אַלע יידישע באַשטרעבונגען און שאַפונגען.

אויף וועלכן וויסנשאַפטלעכן יסוד קען מען מאַכן אַזאַ באַהויפּטונג? זיכער ניט אויף דעם סמך פון געוויינטלעכער באַאָבאַכטונג, פון פּערזענלעכער אָדער גרופּן דערפאַרונג! די מענטשלעכע „ניכטערע״ אָבזערווירונג וואָלט גיכער געזאָגט דאָס פאַרקערטע. בלויז אויפן יסוד פון אַ רעליגיעזן פּאָסטולאַט קען מען מאַכן אַזעלכע באַהויפּטונגען אָן קווענקלעניש.

די יידנשאַפט מוז פּלעגן אָט־דעם איבערנאַטירלעכן אומוויסנשאַפטלעכן עטישן אָפּטימיזם. יידנשאַפט איז ניט קיין קלאַסיק פון דער וויסנשאַפט, נייערט פון דער געוויסנשאַפט, פון דעם וואָס איז אָנגענומען צו רופן רעליגיע. די יידנשאַפט מוז, ווייל דאָס איז איר קאַמף־מיטל און אויפהאַלט־גאַראַנטיע פאַר איר עקזיסטענץ, גלויבן אין סאָציאַלער גאולה.

## י.

## משיחיות, מעסיאַניזם אָדער קריסטנטום

די יידישע נביאים האָבן באַאַרבעט און אפשר טאַקע באַשאַפן אָט די פוטוריסטישע גאולה־אידייע, די וויזיע פון אַן „אַחרית הימים״. זיי האָבן זי באַצירט מיט די שענסטע קאָסטבאַרקייטן פון מענטשלעכער געוויסנשאַפטלעכער פאַנטאַזיע. געשאַפן און געפלעגט האָבן זיי די דאָזיקע אָפּטימיסטישע זעאונג פאַר דעם יידישן געזעמל, וועלכער איז געווען באַדרעגנט און האָט דערוואַרט זיין רעטונג־אויסלייזונג, זיין פולע אויפריכטונג אין דעם „ענד פון די טעג״. די ניט־יידישע וועלט, די ניט־יידישע פעלקער, וועלכע זיינען געווען שטאַרק און מעכטיק פּאָליטיש, האָבן אין זייער טאָטאַליטעט אַזאַ אידייע ניט געדאַרפט האָבן, און, נאַטירלעך, האָט אַזאַ אידייע ווי אויסלייזונג, ווי משיח־קומען, ניט געקענט אַפּעלירן צו זיי. זיי זיינען געווען רעאַליסטיש, ניט אידעאַליסטיש. זיי האָבן געלעבט אויף זייער שווערד

אין דער קעגנוואַרט און מהאי טעמא ניט געוואָלט און ניט געקענט לעבן אין דער צוקונפט אויף זייער געוויסן און יושר־געפיל. זיי האָבן ניט געקענט און ניט גערדאַרפט טרוימען וועגן דעם אויסלייזער וואָס „צדק וועט זיין דער גורט פון זיינע לענדן און דער גלויבן וועט זיין דער גורט פון זיינע היפטן" (ישעיה י״א, ה׳). זייערע נאַציאָנאַל־מיליטאַריסטישע העלדן האָבן זיך אָנגעגורט מיט אַ שווערד, ניט מיט גערעכטיקייט.

בכדי צו מאַכן פון דער יידישער מעסיאַנישער אידייע אַ קנין פון דער ניט־יידישער וועלט האָט מען די דאָזיקע אידייע געמוזט אַריבערפירן פון אירע נאַציאָנאַל־יידישע רעלסן אויף קלאַסן־רעלסן און אַזוי אַרום זי מאַכן כלומרשט אוניווערסאַל. און דאָס האָט טאַקע געטאָן דער שאול וואָס איז געוואָרן אַ פוילוס. דאָס איז געווען זיין אויפטו, זיין אָריגינעלער בייטראָג. ער איז געווען זיכער אַז אויף דעם דאָזיקן אופן וועט זיך אים איינגעבן צו רעאַליזירן דעם יידישן אידעאַל. משיחיות האָט ניט געקענט געפינען קיין אָפּקלאַנג אין די הערצער פון די גליקלעכע פעלקער אַלס גאַנצע. אָבער יענע פעלקער זיינען דאָך ניט געווען מאָנאָליטיש געבויט, זיי האָבן דאָך אַנטהאַלטן אונטערדריקטע שיכטן און אַפילו שקלאַפן, וועלכע זיינען געווען, פון ערשטן בליק, אין דער בחינה פון יידן. זיי זיינען באַדרענגט געוואָרן, אונטעריאָכט, עקספּלואַטירט געוואָרן און זיי, אַלס אונטערדריקטע סאָציאַלע פלאַסטן, האָבן זיך געגייטיקט אין אַן אויסלייזער ניט ווייניקער ווי די יידן אַלס אַ גאַנץ פאָלק. פון דער יידישער נאַציאָנאַלער משיחיות האָט פוילוס געשאַפן אַ סאָציאַלע משיחיות. מעסיאַניזם איז געוואָרן אַ קלאַסן־באַשטרעבונג. לכתחילה האָט אויסגעזען, אַז פוילוס האָט באמת געפונען דעם איינציק־ריכטיקן וועג ווי אַזוי צו פאַרוואַנדלען משיחיות, אַ יידיש פוטוריסטישער טרוים, וואָס וועט ווערן אַ שטיק וואָר ערשט אין דעם ענד פון די טעג, אין אַ באַשטרעבונג וואָס קען קריגן איר רעאַליזירונג אין דער קעגנווערטיקער צייט מיט דער הילף פון אַ מעכטיקער אוניווער־סאַלער באַוועגונג פון די מאַסן, פון די באַעוולהטע, באַליידיקטע, שווער־באַלאָדענע. פוילוס האָט פאַרזיכערט, אַז משיח איז שוין געקומען, ער איז שוין דאָ, ווייל עס זיינען געווען רייף די אָביעקטיווע באַדינגונגען פאַר דער רעאַליזירונג פון דעם דערלייזונג־אידעאַל. סטייטש, ער האָט דאָך געפונען סוף־כל־סוף, דעם טרעגער פאַר דעם יידישן טרוים. דער ייד אַלס אַזעלכער, איינער אַליין, איזאָלירט, זייענדיק קאָנפראָנטירט מיט אַ פיינטלעכער ניט־יידישער וועלט, האָט ניט געקענט ברענגען זיין נאַציאָנאַל־יידישן משיח, ער איז געווען צו שוואַך פּאָליטיש, עקאָנאָמיש, ער זאָל זיך קענען מיט דערפאָלג פאַרמעסטן מיט דער רשעות־וועלט, וואָס איז געווען קאָנ־קרעטיזירט אין דער רוימישער אימפעריע. אָבער מיט אַלגעמיינע כחות, ווען משיחיות ווערט קריסטנטום, נעמט אַפּעלירן צו אַלע באַדרענגטע

און געטראָטענע אונטער די פיס, — קען מען, זיכער, משיחן יע ברענגען און מ'האָט אים שוין טאַקע געבראַכט. דער דורכפאַל אין די נאַציאָנאַלע גרענעצן מיינט בלויזט אַן אָנדייט אַז משיח דאַרף ווערן אַ קריסטוס, אַ אוניווערסאַלער משיח. ער שטייט אויף צו תחיית המתים אין דער אידייע פון אויסלייזונג און דער יידישער משיח, דער קדוש, דער אידעאַליסט־מאַרטירער וועלכער האָט זיך מקריב געווען פאַר אָט דער אידייע פון יידישער אויסלייזונג איז טאַקע דער אמתער אויסלייזער, דער רעאַלער גואל־צדק, דער קריסטוס פון דעם שמאַכטנדיקן טייל, דער מערהייט, פון דער מענטשהייט.

אין פלוג איז אַלץ געגאַנגען כשורה. די אידייע, אָט־די אַנטדעקונג פון פוילוסן, האָט באַוויזן וואונדער. זי האָט, באמת, געוואונען אַ היפּשע אַנהענגערשאַפט צווישן די יידן און גאָר אַ גרויסע נאָכפאָלגערשאַפט צווישן די מאַסן ניט־יידן. ביי די יידן איז עס געווען אַ נאַציאָנאַלע אידייע, ביי די ניט־יידן — אַ קלאַסן־אידעאָלאָגיע — אידעאַל־לאָגיע.

מיט וואָס דערקלערט זיך דער דורכפאַל פון קריסטנטום־משיחיות און די יידישע אַנטוישונג און די פאַרקירעוואונג אויף דעם וועג פון תלמוד?

לויט מיין פאַרשטיין האָט פּאַסירט אָט־וואָס:

די מאַסן, די אונטערדריקטע קלאַסן פון די ניט־יידישע פעלקער האָבן די דאָזיקע משיח־אידייע ניט געשאַפן. מ'האָט זי צו זיי געבראַכט. בכלל זיינען די מאַסן אינערטיש, ניט־שעפעריש, ניט דרייסט־אונטערנעמעריש. זיי זיינען ניט אַזוי ביטחון־פול אַז זיי זאָלן קענען מיט די אייגענע כוחות אויפניאַנטשען און אויפהאָדעווען אַזאַ וואַגזאַם־רעוואָלוציאָנערע באַשטרעבונג ווי משיחיות. די, וועלכע האָבן די משיחיות־אידייע אָנגענומען און זי פאַר־שפּרייט צווישן די ניט־יידישע מאַסן, האָבן באמת געהערט צו די העכערע קלאַסן. די לעצטע האָבן די אויסלייזונג־אידייע אויסגענוצט פאַר זייערע אייגענע קלאַסן־הערשאַפט אינטערעסן. דעריבער האָבן זיי לייכט אָנגענומען און לייכט פרידן געשלאָסן מיט דעם געדאַנק, אַז משיח איז שוין געקומען. ווייל פאַר זיי, אויף וויפיל זיי איז געלונגען צו ווערן הערשער, אויף וויפיל די קאַטוילישע קירך איז געוואָרן די „טריאומפירנדיקע קירך“, איז משיח שוין געהאַט געקומען, און דער משיחיות־אידעאַל האָט געקראָגן זיין רעאַליזאַציע.

ווער האָט זיך איינגעשפּאַרט? ווער האָט געפילט בחוש אַז משיח איז ניט געקומען און אַז די משיחיות־באַשטרעבונג האָט ניט דערגרייכט איר ציל פון פאַרווירקלעכונג? דער וועלכער האָט באמת געדאַרפט האָבן אַ משיח, אַ דערלייזער, דער יידישער געזעמל, וואָס איז ניט אויסגעלייזט געוואָרן, און ווען די לייכט־גלויבעניש אַז עס זיינען שוין מער ניטאָ קיין יידן און קיין גריכן האָט שיער נישט אומגעבראַכט פון דער וועלט, מיט איר

פאַלשן קאָסמאָפּאָליטיזם. דער יידישער געזעמל האָט זיך געראַטעוועט אַ דאַנק דעם תּלמוד און דעם גלויבן אַז די אמתע אויסלייזונג, ניט די פּאָל־סיפיצירטע, וועט קומען אין דער צוקונפט, וועט זיכער קומען.

אויפן וועג, וועלכער האָט געפירט פון יידיש נאַציאָנאַלן תחום צו דעם אַלגעמיינעם קלאַסן רשות הרבים, איז געווען אַ טיפע גרוב צוגעדעקט מיט שטרוי פון נאַאיוויטעט, און אין אָט־דער גרוב איז די משיחיות, וואָס איז געוואָרן קריסטנטום, אַריינגעפאַלן און דערנאָך שיער ניט באַגראָבן געוואָרן. די אויסלייזונגס־אידייע קען ניט ציען איר יניקה פון אַ קלאַסן־סיטואַציע, וועלכע האַלט זיך כסדר אין ענדערן.

האָט דאָס וואָס מיר זאָגן בלויז אַ שייכות צו אַ שוין לאַנג פאַרקלונגענער פאַרגאַנגענהייט? ניין, די פראַגע וואָס מיר האָבן אָנגערירט, האָט צו טאָן מיט אונדזער קעגנוואַרט. סאָציאַליזם אין אונדזער דור איז דער אַלטער באַקאַנטער קריסטנטום אין אַ נייער אויפלאַגע. דער פּאַרצייטיקער פּרי־מיטיווער קריסטנטום איז געווען אַ מין סאָרט פאַרצייטיקער סאָציאַליזם.

די יידישע גאַס איז היינט צו טאָג פאַרפלייצט מיט אָט די „קריסטלעכע אבערגלויבערייען”, ד"ה, מיט דערלייזערישע דערוואַרטונגען וועלכע דאַרפן היינט־מאָרגן פאַרווירקלעכט ווערן. אמת, די יידישע גאַס נעמט זיך אָפּ־טשוכען. זי נעמט פילן די סכנה פון דעם „קאָסמאָפּאָליטיזם”, וואָס דאַרף פאַרטייטשט ווערן אַלס אַ גלייכגילטיקייט צום ספּעציפיש יידישן שיקזאַל. זי נעמט זיך באַפרייען פון דעם דערלייזערישן מיראַזש, פון אָט־דעם נייעם פאַרפירערישן „סאָציאַל־קריסטנטום”. און די געשיכטע, ווי איר שטייגער איז, וועט זיך ווידערהאָלן. דער ייד וועט טענהן, אַז דער סאָציאַלער משיח, ד"ה, די „סאָציאַלע גאולה”, „סאָציאַלע רעוואָלוציע” איז ניט רעאַליזירט געוואָרן. ער וועט עס זאָגן, ווייל ער וועט פילן די קלעפּ וועלכע ער וועט קריגן פון אָט־דעם נייעם רעזשים. אַ טייל פון דער ניט־יידישער וועלט וועט זיך צופרידן שטעלן מיט דעם סאָציאַלן משיח־השקר. זיי וועלן באַהויפּטן אַז זיי האָבן דערפאָלגרייך דורכגעפירט די סאָציאַלע רעוואָלוציע און געבראַכט די סאָציאַלע דערלייזונג.

די וועלכע פאַרשטייען, שאַצן אָפּ היסטאָריש ריכטיק די געגעבענע סיטואַציע, וועלן ווערן פאַר אונדזער דור דאָס וואָס די חכמי־התלמוד זיינען געווען פאַר זייער צייט. זיי וועלן זען מיט כל הכוחות צו פאַרפעסטיקן דעם יידישן בנין, וועלכער געפינט זיך אין אַ גאָר קלאָגעדיקן צושטאַנד ניט אַזויפיל מחמת די שונאים פון דרויסן, די היטלעריסטן, ווי מחמת די פאַרפירטע, די מאָדערנע „משיחיסטן”־„קריסטן” פון אינעווייניק, וואָס לעבן אין אַ וועלט פון פאַלשע איבערטריבענע דערוואַרטונגען און ווילן גאָרניט טאָן פאַר דעם קיום פון יידישן געזעמל, וועלכער געפינט זיך אין אַ גרויסער געפאַר.

# אתה־בחרתנואיזם

דער ייד האָט פאַרזיכערט, קודם כל, זיך אַליין און, דערנאָך, אויך אַלע אַרום אים — וועלכע האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע רייד, וואָס ער האָט ניט מורא געהאַט אַרויסצוברענגען — אַז דער יידישער געזעמל איז ניט קיין געוויינטלעכע געמיינשאַפט, נאָר אַז דאָס יידישע פאָלק איז אַ הייליקער קהל, אַן אויסדערוויילט פאָלק. דער ייד האָט באַהויפּטעט, אַז צווישן דעם יידישן ציבור און זיינע שכנים, די פּאָליטישע פעלקער, ליגט אַן אונטער־שייד ווי צווישן טאָג און נאַכט, הייליקייט און וואָכיקייט, צווישן ליכטיקייט און פינצטערניש. אין אָט־די באַשרייב־ווערטלעך, טערמינען האָט דער ייד אויסגעדריקט זיין סופּעריאָריטעט־געפיל, זיין איבערצייגטקייט, אַז זיין געזעמל שטייט העכער פון אַלע שטאַטיסטישע אימפּעריאַליסטישע פעלקער.

מיר האַלטן אַז אָט דער פונקט פון יידישן געזעשלפאַט־באַנעם איז אַ גאָר וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון דער יידישער אידעאָלאָגיע, און די יידנ־שאַפט קען אויף דעם בשום אופן ניט מוותר־זיין. זי האָט אָט־דעם בליק אויף זיך אַלס אַ דערהויבענע קערפּערשאַפט געמוזט אַנטוויקלען, ווייל אָן דעם דאָזיקן זעלבסטאָפּשאַץ וואָלט דער ייד ביי זיך אַראָפּגעפאַלן, ער וואָלט געבראָכן געוואָרן פסיכאָלאָגיש און דער שונא, די פרעמדע סביבה, וואָלט אים צעמאָלן אויף שטויב און צעווייען איבער אַלע וויסטע מדבריות. דער יידנשאַפט איז אויסגעקומען, קומט אויס און וועט נאָך יאָרן און יאָרן אויסקומען אויסצושטיין פאַרפאָלגונגען, סיי אָפענע סיי פאַרשטעלטע, סיי אַזוינע וואָס זיינען געריכטעט קעגן איר אַלס אַ גאַנצער און סיי אַזוינע, וואָס זיינען דירעקטירט קעגן אירע יחידים מיטגלידער. און אָט דער „אתה־בחרתנו” איז געווען איינער פון די כלי־זיין, וועלכן דער ייד האָט אויסגעשמידט און געהאַלטן אין זיין אַרסענאַל. די יידנשאַפט, וואָס ווערט באַדרענגט מער פון וועלכער עס איז אַנדערער קאָלעקטיווער קערפּערשאַפט, באַהויפּט אַז זי שטייט העכער עטיש פון אירע באַדרענגער, אַז אַזוי ווי זי ליידט מער פון אַלעמען, איז זי מאָראַליש בעסער פון זיי אַלעמען [9]. די יידנשאַפט האָט ניט געקענט נעמען אַ קעגנגעזעצטע שטעלונג צו זיך אַליין און זאָגן צוזאַמען מיט אירע שונאים, אַז אַלע צרות, אַלע אומגליקן שיטן זיך אויף איר גרייז־גרויען קאָפּ דערפאַר, וואָס זי איז די ערגסטע צווישן די אומות, די נידערטרעכטיקסטע צווישן די פעלקער. יאָ, די יידנשאַפט האָט געגלייבט און געזאָגט אין די תפילות, אַז זי קומט אָפּ פאַר אירע זינד, אַז זי

9) אבא גאָרדין, מאָראַל אין יידישן לעבן, זז. 6־247.

ווערט באַשטראָפט פאַר אירע עבירות. אָבער זי איז געווען זיכער אַז מ'באַשטראָפט זי מער פון אַלע אַנדערע קערפערשאַפטן ניט דעפאַר וואָס זי איז ערגער, חס־ושלום, פון אירע באַדרענגער, נייערט דערפאַר וואָס פון איר פאַרלאַנגט מען מער, צו איר שטעלט מען שטרענגערע פאָדערונגען. דווקא דערפאַר וואָס ר' ישראל איז בעסער, האָט אַ בעסערן קאָפּ, מאָנט מען פון אים מער און דעריבער כאַפּט ער מער שמיץ פון וועלט־רבין. ער קריגט געשמיסן אין וועלט־חדר ניט דערפאַר וואָס ער קען ווייניקער לערנען פון די איבעריקע תלמידים, די יורקעס, וואָס ווייסן ניט קיין צורת אות אין דער עטישער תורה, נאָר, פאַרקערט, דערפאַר וואָס ער קען מער פון זיי, אָבער דער רבי, וויסנדיק זיינע פעאיקייטן, וויל אַז ער זאָל נאָך מער קענען. בשעת יענע תלמידים קענען ניט דורכקריכן אויף אַלע פיר דעם אלף־בית, וויל מען אַז ישראלקע זאָל דורכלויפן אַ בלאַט גמרא מיט תוספות... און זיך ניט פאַרהיקען, ניט געשטרויכלט ווערן.

האָט דער ייד געקענט אַנדערש טראַכטן? איז בכלל גאָר מעגלעך געווען פּסיכאָלאָגיש, אַז ער זאָל דענקען אַנדערש ווען זיך און די אַרומיקע פעלקער, וועלכע האָבן אים געיאָגט און געפּלאָגט?

בלויז מיטן אויפקום פון דעם השכלה־פּעריאָד האָט זיך גענומען וויזן אַן איבערבראָך אין יידישן באַוואוסטזיין. דער ייד האָט אָנגעהויבן צו פאַרלירן זיין אייגענעם ווערט אין זיינע אייגענע אויגן. ער האָט אָנגעפאַנגען צו קוקן אויף דער ניט־יידישער וועלט, אויף דעם דערפאָלגרייכן לעבן פון זיינע שכנים־פעלקער, אויף זייער עקאָנאָמישער עשירות און פּאָליטישער גדולה מיט אויגן פול מיט קינאה, פון אונטן אַרויף. אָנשטאָט צו בענטשן דעם יידישן געשיכטלעכן מזל דערפאַר וואָס ער איז אַ ייד, ווי דער פרומער שול־ייד האָט געטאָן, האָט ער גענומען שילטן זיין פינצטערע מערכה דער־פאַר וואָס ער איז ניט געבוירן געוואָרן אַ גוי. דער ייד האָט גענומען פאָדערן בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג, פּאָליטישע גלייכהייט און האָט פאַר די דאָזיקע נישטיקע פּריווילעגיעס געצאָלט פּסיכיש מיט אַ זעלבסט־דערני־דערונג. ביז דער עמאַנציפּאַציע־ערא האָט זיך דער יידישקייט־באַוואוסט־זיניקער ייד ניט געהאַלטן גלייכבאַרעכטיקט, ד"ה, גלייכבאַפּליכטיקט מאָראַליש מיט דעם ניט־יידן. ער האָט געקוקט אויף זיך ווי אויף איינעם וואָס איז „פּריווילעגירט" בנוגע מצוות, התחייבותן און מעשים טובים... און ער, דער פרומער ייד, וואָלט בשום אופן ניט איינגעגאַנגען אויף דער מאָדנער, „טראַנסאַקציע", וועלכע איז באַשטאַנען אין אַוועקגעבן זיינע טייערע עטישע, פּסיכיש־באַוואוסטזיניקע פליכטן־„פּריווילעגיעס" פאַר די האַלב־פּוסטע בירגערלעכע רעכט.

נאָך דעם באַלעבאַטישן ליבעראַל־משכיל איז געקומען דער ראַדיקאַל־

משכיל. דער לעצטער האָט נאָך נידעריקער אַראָפּגעבויגן דעם שטאָלצן יידישן קאָפּ פאַר דער ניט־יידישער סביבה, ניט־יידישער אידעאָלאָגיע.

ווי דער פאַרצייטיקער יידישער קריסט, ווי פּוילוס בשעתו, האָט זיך דער יידישער ראַדיקאַל אָפּגעזאָגט פון יידישן „אתה בחרתנו". ער האָט זיך דערקלערט צו זיין גלייך מיט דעם ניט־יידן און זיין יידישן פאָלק האָט ער דערקלערט פאַר אַ פאָלק צווישן פעלקער, פאַר אַ פאָלק ווי אַלע אַנדערע פעלקער. איך נעם דעם גוטן פאַל, די באַהויפּטונגען פון זשיטלאָווסקין און זיינע תלמידים. די איבעריקע ראַדיקאַלן האָבן געטענהט, אַז מיר זיינען בכלל קיין פאָלק ניט, אַז מיר זיינען ניט קיין אייגנאַרטיקער סאָציאָלאָגישער מהות.

ווען דער יידישער ראַדיקאַל, — וואָס איז קיינמאָל ניט געווען קיין יידישער ראַדיקאַל, נאָר אַ ניט־יידישער ראַדיקאַל, וואָס האָט „געשפּראָכן" יידיש, — האָט דערמאָנט דעם יידישן „אתה בחרתנו", האָט ער עס געטאָן מיט שפּאָט און פאַראַכטונג. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אין יידישן „אתה בחרתנו" איז געלעגן דער געוויינלעכער שאָוויניזם, דער אָנגעבלאָזע־נער דזשינגאָאיזם, דער איבערטריבענער ווילד־באַרבאַרישער אימפּעריאַ־ליסטישער פּאַטריאָטיזם[10]).

אין וואָס איז דאָ באַשטאַנען דעם ראַדיקאַלס טעות? דער טעות איז געווען אַ פּרט פון דער אַלגעמיינער ניט־דורכגעטראַכטקייט, וועלכע דער ראַדיקאַל־משכיל האָט אַרויסגעוויזן בנוגע אַלע יידישע ענינים, ספּעציפיש יידישע אַנגעלעגנהייטן סיי עקאָנאָמישע, סיי פּאָליטישע, סיי קולטורעלע. ער האָט ניט באַגריפן די באַזונדערע, די טשיקאַווע פּאָזיציע, וואָס די יידנשאַפט פאַרנעמט צווישן די אומות העולם, אים, אין זיין ייִדיש־בלינדקייט אָדער שטאַרקער קורצזיכטיקייט, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער האָט פאַר זיך אַ געוויינלעך פּאָליטישן פאָלק. ער האָט ניט באַגריפן אַז פאַר אים שטייט אַ פאָלק, וואָס איז אַלס אַ פאָלק אַפּאָליטיש, אַ פאָלק וואָס פליסט זיך מיט כל הכוחות צו זיין, זיך צו באַהויפּטן און זעלבסט־באַשטימען אַלס אַן עטישע פאָרמאַציע.

אַן „אתה בחרתנו"־לערע אין מויל פון אַ פּאָליטישן פאָלק, אין מויל פון אַ בעסטיע, וועלכע מ'דאַרף האַלטן אין אַ שטייג פאַרשפּאַרט אין אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן, איז אַ געפערלעכע שטיקל־תורה, איז די רעאַקציאָנערסטע דאָקטרינע וואָס קען נאָר געבן. דאָס איז דאָך די אידעאָלאָגיע פון דעם פאָלק דעם רויבער, דעם אימפּעריאַליסט, וואָס שאַפט זיך אַ ראַסן־סופּעריאָ־

---

10) „דער אמתער ,אתה בחרתנו' געדאַנק אין דעם יידישן זין פון דעם וואָרט איז לויט זיין אינעווייניקסטן אינהאַלט דער שאָוויניסטיש־ענגסטער, וועלכער מ'קאָן זיך נאָר פאָר־שטעלן" (ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, יידן און יידישקייט, ז. 129, ניו־יאָרק, 1939).

ריטעט לערע בכדי צו האָבן אַ ליגנערישע באַרעכטיקונג פאַר אונטערדריקן אַנדערע פעלקער. אָט־די גזלנים־פעלקער שאַפן זיך איין אַ דערהויבנקייט־שטאַנדפונקט, בכדי צו האָבן אַ פאַרטיקן תירוץ, אַ פאַרענטפער פאַר זייערע פּאָליטישע און מיליטאַריסטישע מעשים תעתועים, בכדי זיי זאָלן קענען מיט אַ „הכשר" עקספּלואַטירן, ראַבירן, פאַרשקלאַפן אַלע אַנדערע נאַציאָנען.

די יידנשאַפט איז, אָבער, ניט קיין פּאָליטישע פאָרמאַציע. און ווען די יידנשאַפט האָט פאָרמולירט איר „אתה בחרתנו" האָט זי עס געטאָן אין אויסשליסלעך־עטישע טערמינען.

נאָך דעם ווי דער פרומער ייד, יעדער איינער פון זיי, האָט געמאַכט זיין קידוש, זיין הבדלה, וואו ער האָט באַהויפּטעט אַז ער שטייט העכער פון דער ניט־יידישער זינדיקער, פאַרברעכערישער, פּאָליטישער ממשלת־זדון, וואָס האָט ער אַזוינס געטאָן? ער האָט גענומען שאַרפן זיין שווערד, אָפּגיסן זיינע קאַנאָנען, גענומען שמידן זיין געווער, מאָביליזירן זיינע חיילות בכדי צו גיין פאַרטיליקן זיינע שכנים, די „באַרבאַרן", זיי אונטעריאָכן, אַרויפלייגן אויף זיי צינזן, פאַרטרייבן זיי פון זייערע לענדער אָדער פאַרשקלאַפן זיי? ער האָט פאַררויכערט זיין „לולקע פון פרידן", געמיטלעך געטרונקען אַ פּאָר גלעזער טיי, אויב עס איז געווען נאָך הבדלה, געגעסן זיין זופּ און פלייש, אויב ער האָט געהאַלטן נאָך יום־טובדיקן קידוש און איז געווען מלא שמחה וואָס דער שכן, דער „ערל", דער „באַרבאַר" ברעכט ניט די שויבן, ראַבירט ניט זיין האָב און גוטס, שענדט ניט זיין פרוי און זיינע טעכטער, דערהרגעט אים ניט מיט זיינע קינדער.

זיך וואַרפן מיט אַזעלכע מאָוימדיקע עפּיטעטן, ווי „שאָוויניזם" בנוגע אייניקע פונקטן פון דער יידישער אידעאָלאָגיע איז דאָך אַ חוזק. דער „גרויסער ראַדיקאַל" וואָס געברויכט אָט־דעם טערמין אין זיין אָנווענדונג צו דער יידישערווירקלעכקייט, ציגט אַז ער הייבט ניט אָן צו פאַרשטיין מיט וועמען און מיט וואָס ער האָט דאָ צו טאָן. ער באַצייכנט מיט אַ פּאָליטישן טערמין אַ דערשיינונג ביי אַ געזעמל וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ ריין־עטישן מהות.

דאָס וואָס אין דער פּאָליטישער וועלט איז סם־המות איז אין דער עטישער סביבה אַ סם־חיים. ביי אַן עטישער קערפערשאַפט פירט אַן „אתה בחרתנו" בלויז צו דעם, אַז דער געזעמל זאָל זיך פלייסן צו האַלטן זיך העכער, אין עטישן אויפפיר, פון די איבעריקע פּאָליטישע פאָרמאַציעס, וועלכע אין עטישן זינען מוזן שטיין נידעריקער פון אים צוליב דעם אַליין, וואָס זיי זיינען פּאָליטיש, און פּאָליטיק איז ניט קיין עטישע דיסציפּלין. דער „שאָוויניזם", וואָס האָט געקראָגן זיין אויסדרוק אין דער ביבל און אין תלמוד, ווי אויך אין אַלע איבעריקע יידישע ספרים, אָדער תפילות,

וועלכע פאַרנעמען זיך מיט דער אויסקריסטאַליזירונג פון דער יידישער אידעאָלאָגיע און איר פאַרשפּרייטונג צווישן אַלע שיכטן פון יידישן געזעמל — איז אַן אויפפאָדערונג צו דער יידנשאַפט אַז זי זאָל זיך אויפפירן בעסער, שענער, טוגנטהאַפטיקער פון אירע שכנים־פעלקער.

דער יידישער „אתה בחרתנו" האָט געמיינט די אויסגעשפּראָכענע פאָדע־רונג, אַז די יידנשאַפט זאָל האַלטן אַ העכערן סטאַנדאַרד פון עטישער הנהגה, און ער איז אַלעמאָל געקומען צוזאַמען מיט אַן אָנזאָג וועגן הייליקייט, וועגן עטיק און מאָראַל. דער „אתה בחרתנו" האָט געמיינט איין זאַך און דאָס איז די יידנשאַפט זאָל ניט נאָכטאָן די שלעכטע אומעטישע זיטן פון די אַרומיקע איינוואוינער צווישן וועלכע זי געפינט זיך.

מיר'ן ציטירן די טעקסטן פון שמונה־עשרה פון שלוש־רגלים, קידוש און הבדלה:

„אתה בחרתנו מכל העמים" . . . — דו האָסט אונדז אויסדערוויילט פון אַלע פעלקער . . . — און גלייך קומט דער פאַרטייטש פון אָט דעם אויסקלייב און אָפּקלייב, כדי מ'זאָל וויסן אַז עס איז אַן „עטישע סעלעקציע", ניט קיין פיזישע און ניט קיין פּאָליטישע, און ער זאָגט: „וקדשתנו במצ־ותיך", — און דו האָסט אונדז געהייליקט מיט דיינע מצוות", מיט די פליכטן, מיט די פאַרבאָטן און געבאָטן.

„אשר בחר בנו מכל העם . . . וקדשנו במצוותיו" . . . — וואָס ער האָט אונדז אויסגעקליבן פון יעדן פאָלק... און אונדז געהייליקט מיט זיינע מצוות" . . .

דער אויסקלייב מיינט, און עס קען גאָר אַנדערש ניט מיינען אין די הייליקע טעקסטן, דאָס פאַרפליכטן די יידנשאַפט, ניט פּריווילעגירן.

„המבדיל בין קודש לחול, בין אור לחושך, בין ישראל לעמים... הבדלת וקדשת את עמך ישראל בקדושתך" . . . דער וואָס זונדערט אָפּ הייליקייט פון וואָכעדיקייט, ליכט פון פינצטערניש, ישראל פון די פעלקער... דו האָסט אָפּגעזונדערט און געהייליקט דיין פאָלק ישראל מיט דיין הייליק־טום" . . . לכן איז עס קלאָר אַז די אָפּגעזונדערטקייט באַשטייט אין הייליקייט, אין מאָראַל, אין מער פליכטן נאָכצוקומען.

און אָט די קידוש־ און הבדלה־אויסערונגען דריקן אויס פּינקטלעך דעם גייסט פון דעם ביבלישן אויסקלייב. אין דעם חומש וואו עס רעדט זיך וועגן „יידישן אויסקלייב" ווערט געזאָגט בפירוש אַז עס מיינט עטישע פאָדערונגען.

אָט וואָס דער טעקסט אין חומש דברים זאָגט:

„און ער האָט אויסגעקליבן . . . אייך פון אַלע פעלקער היינטיקן טאָג און איר זאָלט באַשניידן די ערלה פון אייער האַרצן און אייער נאַקן זאָלט איר ניט פאַרהאַרטעווען . . . ווייל אייער יהוה . . . טוט דאָס געריכט פון דעם יתום און פון דער אלמנה און ער האָט האָלט דעם אימיגראַנט צו געבן אים ברויט און קליידונג, און איר זאָלט ליב האָבן די אימיגראַנטן, וואָרעם אימיגראַנטן זייט איר געווען אין לאַנד מצרים . . . ״ (דברים י. טו־יח)

דאָ איז דייטלעך קלאָר וואָס דער „אויסקלייב״ באַדייט.

„דו ביסט אַ הייליק פאָלק . . . און דיך האָט גאָט אויסגעקליבן״ (דאָרט, ז, ו).

ער הייבט אָן מיט הייליקייט און דערנאָך קומט ער צום אויסקלייב, און אַ פּאָר פסוקים פאַר דעם זאָגט ער זיי אָן, אַז זיי זאָלן ניט דינען קיין געצן. לכן, סיידן מ׳וויל מיט אַ בייזער כוונה זיך טועה זיין, אַנדערש קען מען גאָר קיין טעות ניט מאַכן, די טעקסטן זאָגן דייטלעך וואָס די אויסקלייבונג מיינט.

און מיטן אָפּשוואַך פון יידישן אתה־בחרתנו׳יזם, להיפוך צו דעם פאַל מיטן שאָוויניזם, איז געזונקען דער ניוואָ פון דער מאָראַליטעט אויף דער יידישער גאַס. אויסער „אויפקלערונג״ האָט דער משכיל געבראַכט אַ דעמאָראַליזאַציע. דער ייִד האָט גענומען ווערן גלייך צום „גוי״, אָנשטאָט וואָס פאַר דעם האָט ער געהאַט די אַמביציע צו זיין גלייך צום רבונו של עולם און גיין אין זיינע וועגן. שיכרות, הפקרות, קאַריעריזם האָבן פאַרפלייצט די יידישע גאַס, האָבן פאַרקלעמט און פאַרקריפּלט דאָס יידישע לעבן. און דער ייד, דער גאַנץ אָדער האַלבער אַסימילירטער אָדער דער אימיטאַנט, דער נאָכמאַכער, איז ניט געוואָרן גלייך מיטן ניט־יידן, נאָר ערגער פון ניט־יידן. ער איז אַוועק פון זיין אייגענעם מאָראַל־קאָדעקס און צום פרעמדן ניט צוגעשטאַנען און איז געבליבן אויסגעטאָן פון אַלע פליכטן, פון אַלע מצוות.

אָט דער פּרט אַליין קען ציגן אַז דער יידישער „אתה בחרתנו״ איז ניט דאָס אייגענע וואָס דער יידישער שאָוויניזם. ווען שאָוויניזם פאַלט ביי אַ פאָלק הייבט זיך ביי אים זיין עטישער ניוואָ, ער הערט אויף צו זיין, צו אַ געוויסער מאָס, אַ פאַרצוקער, אַ דורס, ער נעמט זיך אויסמענטשלען, הומאַניזירן. ביי יידן איז פּונקט פאַרקערט, מיט דעם אָפּוואָרף פון דעם אתה־בחרתנו גייסט באַווייזט זיך אַ באַרבאַריזאַציע אויף דער יידישער גאַס. דער ייד נעמט דענקען אין טערמינען פון מיליטאַריזם, אימפּעריאַליזם, שאָוויניזם, פּאַטריאָטיזם און די איבעריקע איזמען, וועלכע ער אַנטלייט פון זיין שכן, וואָס איז אַ מיטגליד פון אַ פּאָליטישער פאָרמאַציע, וועלכע מוז שטיין נידעריקער אויף דעם מאָראַל־לייטער פון אַן עטישער פאָרמאַציע. —

יב.

# אַסימילאַציע

דער ערגסטער שונא פון קיום האומה איז אַסימילאַציע. און זאָלן מיר זיך ניט איינריידן, אַז די אַסימילאַציע און די אַסימילאַטאָרן זיינען באַזיגט געוואָרן אויף דער יידישער גאַס. אַזאַ איינרעדעניש, וועלכע מ׳געפינט גאַנץ אָפט אין דער יידישער זשורנאַליסטיק, צייגט בלויז אַז די לאַגע אין וועלכער מיר געפינען זיך איז ניט ריכטיק אויפגעפאַסט. די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן קענען גאָר אינגאַנצן ניט באַזיגט ווערן. די אַסימילאַציע־פּראָבלעם מוז שטיין אויבנאָן אויף אונדזער טאָג־אָרדענונג. דער קאַמף פאַר יידישער עקזיסטענץ קומט פאָר טאָג־טעגלעך. ווי נאָר מיר הערן אויף צו קעמפן, זיך צו באַשיצן, אַזוי גלייך ווערן מיר גענומען געפאַנגען. אונדזער צושטאַנד קען געגליכן ווערן צו דער לאַגע פון די יעניקע, וואָס געפינען זיך אין מיטן שטראָם און אין אַ לעכערדיקן שיפל. ווי נאָר זיי הערן אויף אויסצושעפּן דאָס אַריינגעקומענע דורך די שפּאַרונעס וואַסער, אַזוי נעמט דאָס שיפל זינקען און די סכנה פון דערטרונקען ווערן קוקט די „פּאַסאַזשירן" גלייך אין די אויגן אַריין. אונדזער לאַגע איז נאָך ערגער, מסוכנדיקער, מיר שיפלען זיך איבער ימען אין אַ מולטער . . .

מיר וואוינען אין אַ פרעמדער סביבה. מיר מוזן זיך צופּאַסן צו אָט־דעם פרעמדן אַרום. פון צופּאַסונג, וועלכע איז אַ מוז־זאַך אין אונדזער מצב, קומען מיר צו אימיטאַציע, צום נאָכטאָן די זיטן, מנהגים, שטייגערס, דרכים פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג, — און פון דעם איז איין טריט צו אַסימילאַציע [11].

אַסימילאַציע מיינט סאָציאַלאָגישער אומקום פאַר אונדז אַלס אַ קער־פּערשאַפט. בייצושטיין דעם ניסיון פון אַסימילאַציע איז אומגעווייגלעך שווער, ווייל זי איז פאַרבונדן מיט אימיטאַציע און אימיטאַציע מיט אַדאַפּ־טאַציע, און עס איז אוממעגלעך אָנצוצייכענען מיט פּרעציזיטעט די ליניע וועלכע זאָל צייגן וואו עס ענדיקט זיך די אומזיכטבאַרע אימיטאַציע, וואָס פירט צו דער געפערלעכער אַסימילאַציע.

דער קאַמף קעגן אַסימילאַציע איז אַ קאַמף קעגן טויט, איז אַ גרונגל פאַר דער יידישער עקזיסטענץ, פאַרן קיום פון ישראל אַלס אַ סאָציאָלאָגישן מהות און אַלס טרעגער פון יידיש־מענטשלעכע עטישע ווערטן. אָט די עטישע שעצער זיינען אַריינגעוועבט אין דעם עצם לעבן פון דער כנסת־ישראל אַלס אַן עטישער פאָרמאַציע, וואָס מיט איר בלויזער עקזיסטענץ

11) אבא גאָרדין, מאָראַל אין יידישן לעבן, זז. 90־105.

איז שוין אַן אַרויסרוף צו דער פּאָליטישער רשעות־וועלט, צו דער ממשלת־זדון, און אַן אָפּפרעג פון אירע גזלה־רציחה דרכים. דער יידישער געזעמל, זייענדיק אַן אויפטו אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, ווייזט אַז אין עטישן אויפפיר ליגט לעבן, אייביקער לעבן פאַר דער אינטעראינדיווידועלער קערפּערשאַפט, און אַז אין פּאָליטישער רשעות ליגט דער טויט... [12]).

דער קאַמף קעגן אַסימילאַציע איז אונדזער הויפּט־אויפגאַבע. פאַר דעם צוועק מאָביליזירט די יידנשאַפט אַלע אירע גייסטיקע כוחות. און עס טרעפט אַמאָל, אין געוויסע היסטאָרישע פעריאָדן, אַז די יידנשאַפט פאַרשווענדט אַזויפיל ענערגיע אויף איינצוהאַלטן דעם עקזיסטענץ־פראָנט און אָפּשלאָגן די אַטאַקעס פון דער פרעמדער סביבה, אַטאַקעס וואָס ווערן געפירט טאָג און נאַכט מיט דער אומדערמידלעכקייט, רעגולאַריקייט און עקשנות פון אַ נאַטור־דערשיינונג, אַז ביי דער יידנשאַפט בלייבן ווייניק שעפערישע כוחות וועלכע זי האָט געדאַרפט אָנווענדן אויף אַנדערע געביטן פון מענטשלעכן אויפטו, אין אַזעלכע צייטן פון אומגעהויער אָנגעשטרענגטן קאַמף פאַר עקזיסטענץ ווערט די יידנשאַפט און יידישקייט איינגעשרומפן, איינגעענגט. זי קען זיך אָבער ניט העלפן. ווייל אָט דער אָנשטרענג, דער געפעכט פאַרן קיום, קריגט ביי דער יידנשאַפט אַלע מאָל די פריאָריטעט. אויף אָט דעם פראָנט האַלט די יידנשאַפט אירע בעסטע כוחות. בלויז דעם איבערבלייב, וואָס זי קען אָפּציען פון דער ערשטער פראָנט־פּאָזיציע אָן געפאַר קען זי זיך דערלויבן אַוועקצוגעבן אויף קרעאַטיווער טעטיקייט אין אַנדערע תחומים.

יג.

## יחידים און מאַסן

פאַר די לעצטע פופציק יאָר איז געשאַפן געוואָרן אַ נייער אָפּגאָט, צו וועלכן אַלע אָן אויסנאַם זיינען מחוייב זיך צו בוקן, און דאָס איז די „הייליקע מאַסע”. דער „עולם־גולם” איז געוואָרן אַן אמתער געץ. מ׳דאַרף זיך נאָכיאָגן נאָך די מאַסן, מ׳דאַרף זיך אַראָפּלאָזן צו זייער געשמאַק, נאָכקומען זייערע פאָדערונגען, זייערע השגות אאַז״וו. יעדע באַוועגונג מוז ווערן אַ מאַסן־באַוועגונג, מ׳מוז כסדר אַפּעלירן צו די מאַסן, שרייבן פאַר די מאַסן, ריידן צו די מאַסן, טראַכטן ווי די מאַסן. מיט איין וואָרט, עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאַריקאַטור פון אַ דיקטאַטור פון דער מאַסע.

---

12) אבא גאָרדין, יידישער וועלט־באַנעם, זז. 213־219.

אַנדערע האָבן זיך דעררעדט צו דעם אַבסורד, אַז די מאַסן זיינען די איינציקע שעפערישע ענערגיעס, אַז אַלץ ווערט געטאָן און אויפגעטאָן פון די מאַסן, אַז אַלץ ווענדט זיך אָן די מאַסן אין די גאַסן... מ'האָט, נאַטירלעך, פאַרגעסן בשעת מעשה, אַז די מאַסן באַשטייען דאָך פון יחידים, פון איינצלנע פערזאָנען, פון ענערגישע טוער, וועלכע באַלעבן די מאַסן, באַוועגן די מאַסן, פירן זיי, לייטן זיי. די מאַסע בכלל איז אינערטיש, אומבאַהאָלפן. ווען די מאַסע רעאַגירט, רעאַגירן דעמאָלט אירע יחידים, יעדער אינדיוויד אַלס אַזעלכער[13].

דאָס קאָמישע בנוגע דעם מאַסע־קולט איז דאָס, וואָס דווקא די וועלכע האָבן געפלאַפלט מער פון אַלעמען מכוח דער אַנטשיידנדיקער ראָלע וואָס די מאַסע שפילט אין דער געשיכטע, האָבן געשאַפן אַ קולט פון פירער־שאַפט. איך מיין טאַקע די קאָמוניסטן. לענין אין ראַטנפאַרבאַנד איז שיער ניט אַ גאָט, צו זיין מאַוזאָלייאום פילגרימירט מען פון דער גאָרער וועלט און פון גאַנץ רוסלאַנד אַוודאי און אַוודאי...

די „מאַסן־באַוועגונגען" אַלס אַזעלכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין קאָלאָסאַלע דורכפאַלן אין דעם ראַדיקאַלן לאַגער. די יחידישע איניציאַטיווע האָט זיך אָפגעשטעלט. דער רעוואָלוציאָנער איז פאַרוואַסערט געוואָרן, ער איז אַראָפגעדריקט געוואָרן צו דעם ניוואָ אויף וועלכן עס זיינען געשטאַנען די ברייטע מאַסן, וועלכע צוליב זייער ברייטקייט האָבן קיינמאָל ניט געקענט זיין טיף און הויך... די ראַדיקאַלע באַוועגונגען האָבן זיך אַנטבלויזט און באַוויזן, אַז זיי זיינען ליימענע גולמס. זיי האָבן ניט געלייסטעט קיין שום ווידערשטאַנד קעגן דעם אָנבראַוויז און אָנשווים פון די רעאַקציע־כוואַליעס. פאַרוואָס? ווייל זיי האָבן זיך פאַרלאָזן אויף די פילע אָנשטאָט זיך צו ווענדן צו די ווייניקע וואָס זיינען גרייט אויף מסירת־נפש אין קאַמף קעגן טיראַניי. אייראָפע ליגט אונטערן קנאַפל פון דריי טיראַנען און זי פאַרמאָגט ניט קיין דריי צדיקים, וועלכע זאָלן זיין גרייט צו ראַטעווען סדום און באַצאָלן דערפאַר מיטן אייגענעם לעבן, אַזוי פאַרמאַסעוועט זיינען געוואָרן די ענערגעטישע יחידים...

און אויב אין דער ראַדיקאַלער וועלט האָט זיך די אידייע פון דער מאַסע־פאַרגעטערונג אַרויסגעשטעלט צו זיין פאַלש ווי עבודה־זרה, אַפשיטא שוין אויף דער יידישער גאַס.

מיר דאַרפן אויפהערן נאָכצולויפן נאָך די מאַסן, נאָר נעמען זוכן די יחידים, די איבערגעגעבענע איינצלנע. יידישקייט באַזירט זיך אויף עטיק. עטיק אַפעלירט צו יעדן יחיד אַלס אַזעלכן.

מיר ווענדן זיך מיט אונדזער רוף צו די איינצלנע, צו די געציילטע,

---

13) אבא גאָרדין, סאָציאַלע פראַגע, ז"ז 18־19.

צו די זעלבסט־אויסדערווײלטע, וועלכע באַזיצן דעם ווילן און די ענערגיע, די אַנטשלאָסנקייט צו שווימען קעגן שטראָם פון דעמאָראַליזאַציע־גויאיזאַציע וואָס האָט פאַרפלייצט די יידישע גאַס מיט אַ מבול פון הפקירות, שונד און קאַריערױזם.

מיר זוכן זעלאָטן. ווען אַ געוויסע צאָל יידישקייט־באַוואוסטזיניקע, ענערגישע יחידים, וואָס זיינען גרייט אויף קרבנות, וועלן זיך צונויפנעמען, וועלן זיי שאַפן אָט דעם יידישקייט קולטור־צענטער, וועלכער וועט אויסאיבן זיין השפעה אויף דער גאַנצער יידישער פעריפעריע. לעצטנס זיינען מיר געוואָרן אַזוי פאַרמאַטעריאַליזירט, אַז דעם קולטורעלן יידישן צענטער האָבן מיר גענומען זוכן אין געאָגראַפיע, אָנשטאָט פסיכאָלאָגיע, אָנשטאָט צו זוכן און געפינען אים אין דעם יידישן האַרצן און יידישן ווילן פון די יחידים, וואָס וועלן פאָרמירן די איניציאַטיוו־ענערגעטישע מינדערהייט אין דער יידנשאַפט ווי די יידנשאַפט פאָרמירט די עטישע מינדערהייט אין דער מענטשהייט. יעדער יידישקייט־באַוואוסטזיניקער יחיד טראָגט אין זיך דאָס גאַנצע יידישע פאָלק אין מיניאַטור. וואָס עס וועט זיין מיט ר' ישראל, וועט זיין מיט כל־ישראל, ווייל דער כל־ישראל שטעלט זיך צוזאַמען פון ר' ישראלס. מ'דאַרף האָבן גוט אין זינען אַז מיר, יידנשאַפט, זיינען ניט קיין פּאָליטישע פאָרמאַציע און מיר זיינען גאָר ניט מחוייב זיך צו שפּילן אין דער פאַרבלענדעניש, וואָס הייסט דעמאָקראַטיע. מיר, יידן, זיינען אַן עטישע פאָרמאַציע, און עטיק ווי די וויסנשאַפט און קונסט, ווי יעדע טואונג וועלכע פאָדערט אָנשטרענג, געשיקטקייט, אויסגעצייכנקייט, באַגאַבטקייט, „אויסדערווײלטקייט", טאַלאַנטירטקייט אָדער געניאַליטעט, האַלט זיך אויף אַן אַריסטאָקראַטיע, אויף גייסטיק־אַריסטאָקראַטישע יחידים. מיר זוכן די אויסדערווײלטע יחידים פון דעם אויסדערווײלטן פאָלק, די יחידים מיט דעם ווילן צום יידישן לעבן, יידישער זיטלעכקייט, יידישער הייליקייט. און אַז מיר וועלן האָבן די יחידים, וועלן מיר די מאַסן ממילא האָבן. אַן עטישער מענטש האַנדלט לויט די דיקטאַטן פון זיין געוויסן. ער גייט זיך זיין וועג פאָראויס און קוקט זיך ניט אום צו זען צי די שווערע טויזנטער פאָלגן אים נאָך.

# איד און אידעאַל

## א.
## נצח ישראל

יעדן יידן בר־דעת, וואָס גיט זיך אָפּ אַ חשבון וועגן דער יידישער מערכה, אינטריגירט די פראַגע: ווי אַזוי האָט זיך עס דעם יידישן פאָלק איינגעגעבן אָפּצונאַרן דעם מלאך־המות פון געשיכטע, און דאָך אָנהאַלטן זיין עקזיסטענץ בשעת אַנדערע פעלקער זיינען אין משך פון אָט דער צייט אומגעקומען? און איבערהויפּט איז הער באַוואוסטזיניקער ייד שטאַרק נייגיריג צו דערגיין דעם סוד פון יידישן קיום אין גלות, אין משך פון די לעצטע צוויי טויזנט יאָר, אונטער די שווערסטע אומשטענדן פון רדיפות, גזרות און שחיטות, וואָס האָבן כמעט ניט קיין פּרעצעדענט אין דער געשיכטע פון אַנדערע פעלקער.

דער יידישער קיום האַלט זיך, דאָס קאָן זען יעדער באַאָבאַכטער, אויף יידישן המשך.

שטעלט זיך, אָבער, די פראַגע: ווי אַזוי איז אָנגעהאַלטן געוואָרן אָט־דער המשך? אויף וועלכן אופן איז אָט־דער המשך דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן? ווי אַזוי איז געשאַפן און פּראַקטיצירט געוואָרן אָט־די אויסגעהאַלטענע, צו אַ געוויסער מאָס, קאָנטינואיטעט פון היסטאָרישער עקזיסטענץ פון כנסת־ישראל?

מיר וועלן פּרוּוון פאַרשטיין און געבן צו פאַרשטיין אָט־דעם ענין.

די יידישע קאָדיפיצירערס, ווי דער רמב"ם, דער בעל־הטורים און אַנ־דערע, זייערע פאָראויסגייערס, האָבן צוזאַמענגעשטעלט דעם יידישן קאָדעקס, דעם סך־הכל פון יידישער הלכה למעשה, אַזוי ווי דער שיקזאַלהאַפטער פאַקט פון חורבן און אייגן לאַנד־אָנווער וואָלט גאָר קיינמאָל ניט פּאַסירט. זיי האָבן עס אינגאַנצן איגנאָרירט. איר וועט געפינען אין „יד החזקה" פון רמב"ם דינים וועגן אַ סוטה, וועגן אַן „עיר הנדחת", קרימינאַל־געזעץ און פּראָצעדור, וואָס הייסט דיני נפשות, געזעצן וועגן קעניגן; וועגן די פאָרשריפטן מכוח קרבנות, טומאה און טהרה, תרומה, מעשר אאַז"וו, איז דאָך שוין גאָר אָפּגע־רעדט. אַלס אויסרייד פאַר אַריינגעמען אין דעם סך־הכל פון הלכה אויך די געזעצן, וואָס האָבן צו טאָן מיט דער רעגולירונג פון יידישער הנהגה פון דער

וויטלעכער פאַרגאַנגענהייט אין אייגן לאַנד און קאָנען צוליב די טרויעריקע גלות־אומשטענדן ניט אָנגעווענדעט ווערן אין דער קעגנוואַרט, — האָט געדינט דאָס, וואָס משיח קאָן דאָך קומען צו יעדער צייט, אַ ייד איז מחויב אים צו דער־וואַרטן יעדן טאָג, הגם ער זאַמט זיך. לכן דאַרף אַ ייד, אַ בן־תורה, זיין באַ־האַוונט אין יענע דינים און רעגולאַציעס, וואָס מ'וועט יאָ דאַרפן אָנווענדן אין דער פּראַקטיק, נאָכן ביאת המשיח, נאָך דער רעסטאַווראַציע פון פולשטענדיק אומאָפּהענגיקן יידישן לעבן.

דאָס איז בלויז געווען אַ תירוץ. באמת איז אונטער דעם שטודיום און אויפהאַלט פון די אַרכאַאישע געזעצן געלעגן אַ טיפערע כוונה: דער יידישקייט־באַוואוסטזיניקער ייד האָט ניט אָנדערקענט אין זיין הנהגה די קלאָגעדיקע טאַטזאַך פון דעם פאַרלוסט פון זיין זעלבסטשטענדיקן לעבן. ער איז זיך אָנגעגאַנגען מיט דער פלעגונג און אַנטוויקלונג פון די אַלטע דינים, אַזוי ווי מ'וואָלט זיי געקאָנט אָנווענדן אין יידישן טאָג־טעגלעכן לעבן. וואָס האָט עס באַדייט? דאָס האָט באַדייט, אַז דער איבערגעגעבענער, לאָיאַלער ייד האָט געשאַפן אַרום זיך אַן אייגענע, א דורך־און־דורך יידישע, אַטמאָספערע און אַ סוביעקטיוו פרייען יידישן באָדן אונטער זיינע פיס. מאַדזיני, ווערט דער־ציילט, האָט ניט געוואָלט טרעטן אויף פרעמדער ערד, ער האָט זיך אָנגעשאָטן איטאַליעניש זאַמד אין די שיך און האָט אויך אין דער פרעמד געטראָטן אויף זיין פאָטערלאַנד־באָדן. דער ייד האָט ניט געדאַרפט אָנקומען צו אַזאַ פרימי־טיוו־מאַטעריעלן מיטל. ער האָט אומעטום געטאָטעמט זיין תורה־לופט און זיך געפונען אַלעמאָל אויף זיין תורה־לאַנד[1]), דאָס אָרט אויף וועלכן ער איז געשטאַנען איז געווען הייליקער באָדן, הייליקייט־לאַנד[2]).

דער ייד האָט ניט אָנדערקענט דעם געצנדינערישן אָביעקטיוון פרינציפ, אַז דער מענטש, דער יחיד אין פאָלק, איז אַ צולייג צו אַ לאַנד, ער איז אַ מחובר־לקרקע, אַריינגעוואַקסן אין גרונט. דער ייד, דער „תהילים־ייד" האָט געזאָגט: „והארץ נתן לבני אדם" (תהילים, קט"ו, ט"ז), דאָס לאַנד געפינט זיך אין רשות פון מענטשן, און ניט דער מענטש אין רשות פון לאַנד. דער גאַנצער, דער פרומער ייד האָט ניט אָנדערקענט, אַז דאָס לאַנד פון זיין איינוואַנדער און דער פרעמדער שטאַט, וואָס געפינט זיך דאָרט, האָט אַ רעכט אַרויפצוצווינגען אויף אים זיין יוריספּרודענץ, זיינע מנהגים, זיין שטייגער, זיין וועלט־באַנעם, זיינע קולטורעלע, רעליגיעזע ווערטן און השגות.

דער ייד איז געקומען מיט זיין אייגענעם קאָדעקס, מיט זיין אייגענעם שולחן־ערוך, מיט זיין אייגענעם שטייגער. ער האָט געהאַלטן זיין אייגענעם רו־טאָג, זיין שבת, ער האָט געפייערט זיינע היסטאָרישע יום־טובים, ער האָט געפּאָלגט זיין בית־דין, און במחשבה, סוביעקטיוו האָט ער געפּסקנט אַפילו דיני נפשות[3]). ער האָט געוואוסט פאַרוואָס עס קומט לויטן יידישן דין

מלקות אָדער איינע פון די ארבע מיתות בית־דין. הגם ער האָט זיי ניט פּראַק־טיצירט, און ווען ער וואָלט געווען אין אייגן לאַנד וואָלט ער זיכער דאָס געזעץ געביטן אָדער מכל־וכל אָפּגעשאַפט, מחמת פאַר אָנווענדונגען אין ווירקלעכן לעבן איז עס געווען צו פאַראַלטערט און צו פּרימיטיוו, מ׳קאָן אויך זאָגן באַר־באַריש, פאַר די שפּעטערע צייטן, הגם זייער פּראָגרעסיוו פאַר יענער צייט, אין וועלכער דאָס געזעץ איז געשאַפן געוואָרן.

מיר האָבן דאָ פאַר אונדז אַן אייגנאַרטיקן מין קאָנסערוואַטיזם, אַ פּרע־זערוואַציע פון אומפּראַקטיצירטער אָבער כלומרשט גילטיקער, ד״ה בלויז טעאָרעטיש מנעמאָניש אָנגענומענער יוריספּרודענץ, ווי אויך ריטואַליסטיק. אָט־דער טשיקאַווער „קאָנסערוואַטיזם״ האָט זייער פיל בייגעטראָגן צו דעם אויפהאַלט פון דער אידענטיטעט פון פאָלק ישראלס מהות און קולטורעלער פיזיאָנאָמיע. דאָס ווירקלעכע לעבן איז פליסיק, ענדערט זיך כסדר, און דער אויפפיר פון לעבעדיקע פונקציאָנירנדיקע ווענזנס מוז זיך ענדערן מיט די אומשטענדן, מוז זיך צופּאַסן צו די כסדר זיך בייטנדיקע סיטואַציעס. ניט אַזוי דאָס לעבן, וואָס איז שוין לאַנג אָפּגעלעבט.

די פאַרגאַנגענהייט, דאָס געוועזענע קאָן מען ניט און מ׳דאַרף ניט ענדערן. צו וואָס זאָל מען ענדערן עפּעס וואָס לעבט בלויז אין געדעכעניש, וואָס געפינט זיין אַפּליקאַציע בלויז טעאָרעטיש און דאָס אין פולן רעטראָספּעקט? צו וואָס זאָל מען אָפּשאַפן ארבע מיתות בית־דין, אַז מ׳ווענדט זיי ניט אָן סיי־ווי־סיי?

לכן, אַריינלעבנדיק זיך אין איר עבר, האָט די כנסת ישראל געקאָנט אָפּהיטן זייער שטרענג אירע אייגענע „אייביקע״ געזעצן, אומגעענדערט אויף אַ האָר; אַזוי אַז די ייִדישע אומה האָט דורך אָט־דעם אויפּטו פון פאַרביטן פּראַקטיק אויף שטודיום, אויף „תורה לשמה״, ניט לשם אָנווענד, זיך געקאָנט פּרעזערווירן און אָנהאַלטן אַ שטרענגען קאָנסעקווענטן המשך, כמעט בעסער און לייכטער, ווי בעת זי וואָלט געבליבן פּאָליטיש אומאָפּהענגיק און זי וואָלט באמת געדאַרפט פירן זיך לויט אירע אייגענע יורידישע און צערעמאָניעלע פאַרשריפטן, וועלכע זי וואָלט זיכער מוזן כסדר בייטן און אַזוי אַרום פּוגם־זיין די אומבאַרירבאַרע קאָנטינואיטעט, וואָס איז כמעט גלייך צו פולשטענדיקער זעלביקייט.

ב.

## ייִדישע אידעאָלאָגיע אָדער „אידאָלאָגיע״

איצט לאָמיר פּרובירן קלאָר אויספּאַסן די פּאָליטיש־פילאָזאָפישע יסודות פון דער ייִדישער ווירקלעכקייט, ד״ה אויפּאַסן ייִדישקייט אָדער „אידאָלאָגיע״ ווי אַ רעפלעקסיע, ווי אַן אידעאָלאָגיש אידעאַליסטישן אָפּשפּיגל פון ייִדישן

לעבן אין זיין אומאונטערבראָכענעם המשך אין פאַרלויף פון די לעצטע פיר אָדער דריי טויזנט יאָר, הויפּטזעכלעך די קאַרגע צוויי טויזנט יאָר פון גלות־עקזיסטענץ.

דער ייד האָט טעאָרעטיש, און אויף וויפיל מעגלעך אויך פראַקטיש, פאַר־ניינט דעם פּרינציפּ פון טעריטאָריע[1]), ד״ה ער האָט באין אופן ניט צוגעגעבן אַז דאָס וואוינען אין אַ לאַנד איז מחייב דעם איינוואוינער צו פאַרלירן זיין געשיכטלעך אויסגעאַרבעטע קולטורעלע אידענטיטעט און זיך אונטערוואַרפן אונטער דעם בירגערלעך יורידישן און מאָראַלישן אויטאָריטעט פון דער מאַכט, וואָס איז עטאַבלירט אין יענעם לאַנד פון די איינגעבוירענע אָדער, ריכטיקער, פון די הערשער, וואָס זיינען ס׳רוב אַריינגרייפערס, באַזיגערס און באַצווינגערס.

דער מאָדערנער פּאָליטישער איינשטעל האַלט זיך אויף דעם טערי־טאָריאַלן יסוד. ער איגנאָרירט הן די איבערצייגונגען פון יחיד, הן די פאָלקס־דרכים פון נאַציאָנאַלן מיעוט און הן די אָנשויאונגען פון דער געזינונגס־מינדערהייט. אָנשטאָט אָט־דעם איינשטעל וועט געשאַפן ווערן אַן אָרדענונג, וואָס וועט דערלאָזן די מענטשן זיך צו גרופּירן, זיך פאַראייניקן, לויט זייערע עטישע, רעליגיעז־וויסנשאַפטלעכע באַנעמונגען, און ניט לויט די געזעצן פון די וואוינפּלעצער, אין וועלכע זיי געפינען זיך... וואָס איז אַן איינוואוינער? איז דען אַ מענטש בלויז אַ פיזישער קעגנשטאַנד, וואָס פאַרנעמט פּלאַץ אין רוים! איז דען אַ מענטש בלויז אַ בירגער, אַ צוגאָב צו אַ בורג, אַ צולייג צו אַ שטאָט, אָדער אַ ציגל אין דעם מויער פון אַ פעסטונג[5]!

דער תלמוד און מדרשים רופן דעם רבונו־של־עולם „מקום״[6]). דאָס איז ניט צופעליק. מיט דעם כינוי וויל מען אָנדייטן, אַז ישראל שטייט אויף דער מדרגה פון אַ בעל־חי. ער האָט בייגעקומען דעם רוים. ער טראָגט מיט זיך, אין זיך אומעטום זיין אייגענעם פּלאַץ[7]).

אָט וואָס דער מדרש דערציילט אונדז:

„האָט געזאָגט רבי תנחומא: עס איז אַ מעשה מיט אַ שיף, וואָס איז געווען פול מיט גויים, בלויז איין ייד איז דאָרט געווען. זיינען זיי אָנגעקומען צו אַן אינדזל. האָבן זיי געזאָגט צום יידן: ‚נעם דיין געלט און גיי אַרויף אויפן אינדזל און ברענג אונדז פון דאָרטן וואָס מיר דאַרפן.‘ האָט דער ייד געענט־פערט: „איך קען דאָרטן ניט קיין איין בעל־אכסניא. וואוהין זאָל איך גיין?‘ האָבן זיי געענטפערט: ‚דאָרטן איז פאַראַן אַ יידישער בעל־אכסניא, אין יעדן פּלאַץ וואוהין דו גייסט, איז דיין אלהים מיט דיר׳.״[8])

„פאַרוואָס הייסט דער איבערשטער „מקום״? ווייל אין יעדן אָרט, וואו צדיקים געפינען זיך, איז ער מיט זיי״[9]).

דער ייד איז אן אוניווערסאַליסט, אַ „קאָסמיסט״. די וועלט איז זיין היים יורידיש און עטיש, ריין אידעאָלאָגיש.

וואָס באַדייט „קאָסמיזם״? „דער סדר, ביי וועלכן עס זיינען ניטאָ קיינע טעריטאָריעלע זכיות, אַלע נאַציעס, אָן אויסנאַם, ווערן קאָנסטרואירט לויטן געמיינדע־פּרינציפּ. יעדע נאַציע, אָן קיין חילוק, בילדעט אַן איטעריטאָריעלע נאַציאָנאַל־קאָנווענציאָנעלע פּאַראייניקונג, וואָס נעמט אַרום אַלע אירע מיט־גלידער. קיין שום פאָלק האָט ניט קיין רעכט צו פאַרוואַלטן מיט די אָנגע־לעגנהייטן פון אַ צווייט פאָלק. קיין שום לשון, קיין שום שולע האָט ניט קיין באַזונדערע זכיות, פּריווילעגיעס. יעדער נאַציאָנאַל־לשון צירקולירט צווישן די מיטגלידער פון דער געגעבענער נאַציע און אין אירע אויסשליסלעך נאַציאָנאַלע אַנשטאַלטן; אין די מענטשהייטלעכע אַנשטאַלטן, אין די צווישן־פעלקערלעכע פאַרהעלטענישן און אונטערהאַנדלונגען ווערט געברויכט אַ קאָסמאָס שפּראַך״...[10])

דער זהר שרייבט: „די שכינה באַזעצט זיך ניט אויף דעם לאַנד, נייערט אין דער דאָקטרין. זי באַזעצט זיך ניט אויבן, נייערט אין דער לערע. די שכינה באַזעצט זיך ניט אויבן און ניט אונטן, נייערט אין דער לערע. און כּל־זמן די תורה איז מיט דעם פאָלק ישראל קאָן עס עקזיסטירן אין דער וועלט.״[11])

אַט־דער זאַץ, הגם פאַרשלייערט מיסטיש, אַנטהאַלט אין זיך אַ פּאָליטישע לערע און דאָס איז די נעגאַציע פון טעריטאָריעלן פּרינציפּ אַלס יסוד פון געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן. ער זאָגט אונדז, אַז דער ייד האַלט, אַז זיין געזעץ, זיין קאָנסטיטוציע איז ניט באַגרענעצט אין רוים, זיין יוריסדיקציע־ספער געפינט זיך ניט בלויז אין אייגן לאַנד, נייערט אומעטום, איבער דער גאַנצער וועלט. מחמת דאָס געזעץ, די תורה איז געגעבן געוואָרן צו יידן אַלס אַזעלכע, און ניט ווי צו בירגער פון אַ באַשטימטן שטאַט, ניט ווי צו איינ־וואוינער פון אַ געוויסן לאַנד. דעריבער האָט דער געטרייער ייד, דער יידיש־קייט־באַוואוסטזיניקער ייד געהיט זיין געזעץ אָן אונטערשייד פון פּלאַץ, אין וועלכן ער האָט זיך צופעליק געפונען. ער האָט זיך מיט זיין קאָנסטיטוציע ניט געשיידט. קיין מאַכט אין דער רשעותדיקער וועלט האָט אים ניט געקאָנט אָפּזונדערן פון זיין געזעץ, פון זיין תורה. דער ייד איז געגאַנגען אויף קידוש־השם, ד״ה דער יחיד האָט זיך מקריב געווען אויפן מזבח פון קיום האומה. ער האָט זיך בעסער געשיידט מיט זיין אינדיווידועלן לעבן איידער זיך שיידן מיט זיין כּלל דורך דאָס פאַרלייקענען די הויפּט־פּרינציפּן פון זיין וועלט און מענטש־באַנעם.

דער ייד האָט געצאָלט פאַר אַט־דעם עקשנותדיקן אויפפיר זיינעם אַן אומגעהויער הויכן פּרייז. אָבער דערמיט האָט ער זיך פאַרזיכערט קעגן אונטערגאַנג דורך אַסימילאַציע.

אַרויסגייענדיק פון אַט־דער אויפפאַסונג פון יידישקייט, ווי וואָלט מען געדאַרפט פאָרמולירן, סאָציאָלאָגיש פּאָליטיש גענומען, דעם אידעאַל פון

יידישקייט? אַלס דעם אָפּשאָף פון שטאַטלעך־טעריטאָריעלן פּרינציפּ און די אָנערקענונג אַלס רעגולאַטאָר פון דעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן, סיי אין דעם פאָלק, סיי צווישן די פעלקער, דעם יסוד פון אַ געזינונגס־געמיינדע.

ווער האָט אַ רעכט צו זאָגן: דאָס לאַנד איז מיינס... אויף וועלכן יסוד וואָלט זיך אַזאַ רעכט באַזירט? אַזאַ רעכט קאָן זיך בלויז האַלטן אויף גאָלן אומרעכט... אויף מלחמות. די אָדערן אין פּאָליטישן גוף, די גרענעץ־ליניעס, זיינען אָנגעגאָסן מיט פאַרגאָסן בלוט... בלוט פון די שכנים, באַזיגטע פעלקער, באַצוואונגענע שבטים.

די ראַדיקאַלע ליטעראַטור איז פול מיט שרייבונגען־פאַרדאַמונגען פון קאַפּיטאַל און קאַפּיטאַליזם. טעריטאָריע און טעריטאָריאַליזם איז אַ טויזנט מאָל האַרבערער פאַרברעכן און ערגערער אומזין, אַ טויזנט מאָל גרעסערע זינד און אומיושר. און דאָס איז דער גיפטיקער וואָרצל, וואָס פאַרסמט און פאַרפּעסטעט דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם פון אונדזער אַזוי־גערופענער ציוויליזירטער צייט...

כל־זמן פּאָליטישע אינסטיטוציעס וועלן געבויט ווערן אויפן פּרינציפּ פון טעריטאָריע, כל־זמן די הערשנדיקע פעלקער־שטאַטן ריידן זיך איין, אַז זיי האָבן דאָס רעכט צו ציען ליניעס, אָוועקצושטעלן גבולים און זאָגן צום מענטשן, ביז אַהער מעגסטו גיין, ווייטער טאָרסטו ניט, דאָ מעגסטו וואוינען, דאָרטן טאָרסטו ניט, ווייל דאָס איז אונדזעריקע און מיר לאָזן אַריין נאָר יענע, וואָס געפעלן אונדז, וואָס זיינען ווינטשנסווערט — אַזוי לאַנג וועט רשעות און געוואַלט געוועלטיקן אויף דער וועלט, אַזוי לאַנג וועט בלוט, צעקאָכט, צע־יושעט בלוט פון רוצחים, בושעווען, און בלוט פון נרצחים פאַרפּלייצן די טריקעניש פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַזוי לאַנג וועט קיין שום טאָלק ניט זיין אין דער סאָציאַלער געמיינשאַפט.

דער מטורפדיקסטער אומזין, די גרעסטע משוגעת און רשעות ווערט דאָ פּראַקטיצירט פאַר אונדזער אַלעמענס אויגן, און מיר שווייגן. מ׳האָט גע־דאַרפט אויפהייבן אַ געשריי וועגן דעם אַזש דער פּאָליטיש־געאָגראַפישער הימל זאָל נעמען ציטערן, פאַרהילכן מיט אונדזער פּראָטעסט די אויערן פון דער מענטשהייט.

וואָס פאַר אַ ווערדע האָט די פאַרעווע ריידעריי מכוח פּראָגרעס, די לעבלעכע שמועסריי מכוח ראַדיקאַלעכץ, ווען דער גאַנצער בנין פון וועלטלעכן שטאַט איז אָוועקגעשטעלט אויף אַ פונדאַמענט פון אומרעכט, פון גזילה, לענדער־כאַפּעריי און טעריטאָריעס־פאַרנעמעריי[12].

קעגן אָט־דעם אומרעכט האָט דער ייד געקעמפט מיט זיין עצם־עקזיס־טענץ. אין דעם יידישן לעבן איז אַריינגעפּאַסט אָט־דער ליכטיקער אידעאַל פון „קאָסמיזם" ווי אין דער פינצטערניש פון נאַכט אַ פינקלדיקער שטערן.

דער ייד האָט געזאָגט: „לא אמות, כי אחיה ואספר מעשה יה"[13]), איך וועל ניט שטאַרבן, ווייל בשעת איך לעב און קעמף פאַר מיין עצם־לעבן, מיט דעם סאַמע אַקט פון מיין צו־להכעיסדיקער עקזיסטענץ, קעמף איך פאַר אַ גרויסן אידעאַל, פאַר דער באַפרייאונג פון דער גאָרער מענטשהייט פון דער געפענגעניש פון „טעריטאָריע".

ג.

## תורה טראַדיציע

דער נס פון אונדזער קיום פאַקוסט ניט אין דעם פאַקט, וואָס מיר האָבן באַוויזן זיך צו באַגיין אָן אַן אייגן יידיש לאַנד און דאָך בלייבן לעבן. דער וואונדער באַשטייט אין דעם, וואָס מיר האָבן אָנגעהאַלטן אונדזער שעפערישן המשך, וואָס מיר האָבן ניט בלויז וועגעטירט, אויפגעהאַלטן ווי ניט איז, מיט גרויסע חסדים, די נשמה פון פאָלק אין גוף פון פאָלק, נייערט פאַרגעזעצט אונדזער קולטור־טעטיקייט, אונדזער גייסטיקע שעפערישקייט אָן איבעררייס. דערצו האָבן מיר נאָך באַוויזן אויסצואיבן אַ באַדייטנדיקע עטיש־אויפבויענדיקע השפעה אויף דער אַרומיקער סביבה, אויף אונדזערע מיטפעלקער די „באַלע־באַטים" אָדער בעל־גופס צווישן וועלכע מיר האָבן זיך געפונען, זעלטן ווי קוים איינגעבעטענע געסט, ס'רוב טאַקע ווי פאַרהאַסטע און פאַראַכטעטע פרעמדע, וועלכע מ'יאָגט, טרייבט און מאָרדעוועט, פון וועלכע מ'מיט זיך פטור צו ווערן און מ'שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיינע אכזריותדיקע מיטלען. אונדזער אומאויפהערלעכע אינטענסיווע עטיש־קרעאַטיווע טעטיקייט איז פאָרגעקומען אונטער דעם בייטש פון אומגעהויערע נגישות, רדיפות, גירושים און שחיטות, מיט וועלכע עס איז פונקטואירט דער לאַנגער פּאַסאַזש פון אונדזער צוויי־טויזנטיאָריקן וואַנדער־לעבן.

ניט בלויז דעם נעגאַטיוו, דעם חסר פון אייגן לאַנד און שטאַט, נייערט דעם קלאָגעדיקן פּאָזיטיוו, דעם מלא פון צרות און פורעניות האָבן מיר באַוויזן בייצוקומען.

דער גרעסטער חידוש פון אונדזער טראַגיק־רייכער געשיכטע איז דאָס, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אַ גרויסע צאָל פון אונדזערע דם־שונאים, וואָס האָבן אונדז געראודפט עד־חרמה, שיער, שיער ניט אומגעבראַכט. ניט מיר, די שוואַכע און אומרחמנותדיק־געשלאָגענע, זיינען אַראָפּ פון דער אַרענע פון דער געשיכטע, נייערט אַ היפשער טייל פון די שבטים און פעלקער וואָס זיינען געווען שטאַרק, רייך און גליקלעך, וואָס האָבן אונדז געטראָטן אונטער די פיס, אונדז געהורגט און געניזוקט, דווקא זיי, די „טריאומפירנדיקע העלדן", זיינען פאַרשלונגען געוואָרן פון הונגעריקן בית־הבליעה, וואָס הייסט אומקום.

די יידישע געשיכטע שטייט און זאָגט עדות מיטן פולן מויל, פון וועלכן עס פליסט אייגן בלוט, אַז דער גייסטיקער, עטישער פאַקטאָר איז אַ מעכטיקער לעבנשענקענדיקער כוח, אַז די געוואוירעניש פון גערעכט זיין איז אַ געוויכט, וואָס לייגט זיך שווער אַוועק אויף די משקולת אויף וועלכע די מערכות פון שטאַמען און פעלקער ווערן געוואויגן.

מע דאַרף האָבן אין זינען אַז מיר זיינען אַ כנסת־ישראל. וואָס מיינט אַ כנסת־ישראל? דאָס איז אַ קהל וואָס באַגרינדעט זיין צוזאַמענהאַלט, זיין אַחדות ניט אויף אַ געפיל פון אָפּשטאַמלעכער צוגעהעריקייט, נייערט אויף אַ דעפיניטיווער אידייע, אויף אַ באַשטימטער אידעאָלאָגיע, ניט אויף אַ „פיזיס", נייערט אויף אַ „טעזיס"[14]. מיט אַנדערע און אָנגענומענע ווערטער, אויף אַ תורה.

אַזאַ זעלבסט־באַשטימונג, אַזאַ זעלבסט־אויפפּאַס ליידט פון אַ געוויסן חסרון, האָט אין זיך עפּעס פון „סוד הצמצום". אַזאַ ציבור־לעבן פאָדערט פון יחיד אַן אונטערגעוואָרפנקייט אונטער אַ שטרענגער מענטאַלער דיסציפּלין, אַן אַקצעפּטירונג פון אַ געוויסער קערפּערשאַפט פון דאָקטרינעס, פון חוקים און משפטים, פון „דבר אל בני ישראל", צו את בני ישראל", (קעגן וואָס עס האָט זיך בלומרשט געקלאָגט ר' לוי יצחק דער באַרדיטשעווער). אַזאַ איינ־שטעל שליסט אויס, „פאַרשניידט" די יעניקע יחידים וואָס זאָגן זיך אָפּ אָפּצו־היטן יענע געזעצן און פאַראָרדענונגען און צו אָנערקענען די פּרינציפּן אויף וועלכע זיי זיינען באַזירט, הגם לייבלעך, אַנטראָפּאָלאָגיש געהערן אָט־די ווידער־שפּעניקע צום אייגענעם שטאַם. פון דער עטנאָגראַפישער הויט קענען זיי דאָך ניט אַרויסשפּרינגען, ווען זיי זאָלן עס אַפילו וועלן מיטן גאַנצן האַרצן. אָבער אָט־דער חסרון ווערט פיל מאָל, כפלי־כפלים, אויסגעקויפט מיט דער גרויסער מעלה, וואָס אָט־דער צוזאַמענבאַהעפט הענגט אָפּ פון יחידס הסכם, פון זיין וואָלונטאַרישן צושטים און מענטאַלער לאָיאַליטעט. דעם יחידס באַ־לאַנגשאַפט צום קהל ווערט ניט באַשטימט איינמאָל פאַר אַלעמאָל אין פאָראויס דורך זיינע בלוטן, דורך דער ראַסע, דורך די עלטער־עלטערן, איבער דעם אויסקלייב פון וועלכע קיינער קען ניט האָבן קיין פּרייוווילליקע דעה.

כנסת איז אַן עקלעזיע. דאָס איז אַ יידישער אויפטו. דער שטאַט איז אַ גויישע דערפינדונג. דער בית־מדרש, דער „מאן מלכי רבנן", נביאשאַפט אַלס סאָציאַל־עטישע אינסטיטוציע איז אַ יידישע סאָציאָלאָגישע אינווענציע. „אַ נביא וועל איך דיר אויפשטעלן פון דיינע ברידער ווי דו". דער באַגריף פון „עם חכם ונבון" ווען ער ווערט פאַרטייטשט אויף אַ פּאָליטישן לשון מיינט אַ פאָלק וואָס האַלט אויף זיין אחדות, זיין סאָלידאַריטעט און אידענטיטעט אויף דעם יסוד פון אַ באַשטימטער חכמה, וואָס פאָרט זיך מיט אַ „יראת ה'", און ניט אויף אַן אָפּשטאַם אָדער געאָגראַפישער, טעריטאָריעלער שכנשאַפט.

אַלס אַ פּאָליטיש־שטאַטיסטישע פאָרמאַציע זיינען מיר, בני־ישראל, געווען זייער שוואַך, אפילו אין די גוטע יאָרן, ווען מיר זיינען געזעסן אויף אונדזער אייגן לאַנד, געווען פאַרוואָרצלט אין אייגענעם באָדן. אַלס אַ נביאים־פאָלק, אַ תורה־פאָלק, זיינען מיר אַן אויסנאַם צווישן די פעלקער, אַן עם־סגולה, און אין דעם איז באַשטאַנען, באַשטייט און וועט באַשטיין אונדזער אומבאַזיג־באַרע גבורה. אויף אָט־דעם פונקט קאָנצענטרירן זיך די דערהויבענע אַמביצ־יעס פון פאָלק ישראל, פון די אידעאָלאָגן פון יידנטום, פון אַלע די, וואָס האָבן בייגעשטייערט צו דער פאָרמירונג פון פאָלק ישראל אַלס אַ „גוי קדוש". אַלס אַן עטנישע פאָרמאַציע וואָס איז אַרויפגעבויט אויף אַן עטיק, אויף אַן עטישער באַזע, אין קאָנטראַדיסטינקציע פון די אומות־העולם ביי וועמען די באַזע איז די געאָגראַפישע און עקאָנאָמישע סביבה און די אידעאָלאָגיע איז אַן אַרויפבוי, אַן אויבנשטיבל.

ווייטער, איך וואָלט ניט זאָגן, אַז מיר האָבן עקזיסטירט הונדערטער יאָרן אָן ארץ ישראל, סיידן איך וואָלט מאַכן אָט די קוואַליפיקאַציע. מיר האָבן געטראָגן אַרום זיך און אין זיך אונדזער ארץ ישראל, וואָס איז געוואָרן פון אַ שטיק לאַנד — אַ שטיק פסיכאָלאָגיע. „פון פסיכאָלאָגישע בריליאַנטן איז דיין געאָלאָגישער זאַמד־זשוויר". מיר האָבן געלעבט פסיכאָלאָגיש אין ארץ ישראל, וואָס איז געוואָרן אונדזער „ארץ החיים", אַ היימלאַנד פאַר דער יידישער נשמה, דורך דער גאַנצער צייט פון אונדזער גלות־קיום.

דער ייד האָט ניט געשוואָרן אויף די „טייכן פון בבל", אַז ער וועט זיך אומקערן קיין ירושלים פיזיש־פאַקטיש. ער האָט געשוואָרן, אַז ער וועט זיין לאַנד קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ד"ה ניט פאַרלאָזן עס גייסטיק. דאָס מיינט אַז ניט אַכטנדיק אויף דעם, וואָס דעם יידנס גוף וועט זיך געפינען ערגעץ אין דער פרעמד, וועט זיין נשמה וואוינען אין ארץ ישראל, טרעטן אויף ארץ ישראל באָדן, און אָטעמען מיט ארץ ישראל לופט. די סאָסנע אין ווייטן פאַרפראָ־רענעם צפון האָט געבענקט און געטרוימט, האָט געהאַלטן איינגעקלאַמערט אין איר האַרצן די געדעכעניש פון דער פאַלמע אין דעם פאַלמען־לאַנד, מיט די מילדע ווינטן און בלויע לויטערע הימלען. דער ייד האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַן אייגן־לאַנדלעכער אַטמאָספער. דער ייד האָט זיך געקענט באַגיין אָן דעם ערדיקן ארץ ישראל, כל־זמן ער האָט אָנגעהאַלטן זיין תורה און ער האָט ירושלים של מטה סובלימירט אין אַ ירושלים של מעלה, וואָס קיין רשע, קיין רוצח האָט ביי אים ניט געקענט צונעמען[15]).

דאָס מיינט אָבער ניט צו זאָגן, אַז דער ייד האָט ניט געטראַכט זיך אומצו־קערן אויך צו דעם געאָגראַפישן ארץ־ישראל, ווען עס וועט זיך שאַפן אַ שעת־הכושר, אַ גינציקער היסטאָרישער מאָמענט. צוליב וואָס האָט דער ייד געלעכצט נאָך „שיבת ציון", ווייל ער איז געווען פעסימיסטיש־דעפיטיסטיש

און האָט געהאַלטן אַז אין דער פאַרשפּרייטונג וועט עם־ישראל אומקומען, פאַרטיליקט ווערן אָדער זיך דעם לעבן נעמען בידים, וועט זיך פאַרלייקענען און זיך פאַרפרעמדן ביז זעלבסט־ניט־דערקענען ? נייך. ער האָט ניט גע־צווייפלט אין זיינע כוחות פון אויסדויער. ער האָט זיך ניט מייאש־געווען. ער האָט געגלויבט אין זיינע סבלנות־קרעפטן. ער האָט געגאַרט נאָך „שיבת ציון" ווייל ער האָט געוואָלט אויסגעלייזט ווערן פון די צרות וואָס די רשעים טוען אים אָן, ער האָט געוואָלט פטור ווערן פון דער קללה, „ובגויים ההם לא תרגיע ולא תמצא מנוח לכף רגלך", „צווישן די פעלקער וועסטו קיין רו ניט האָבן און קיין מנוחה וועט ניט זיין פאַר דיין פוספלאַך" (דברים כ"ח, ס"ה). דער ייד האָט אויך געוואָלט לעבן מער אין איינקלאַנג מיט זיינע איבערצייגונגען, מיט זיינע פרינציפּן, ווייל אויף געוויסע הנחות האָט ער געמוזט איבערגעוואַלד איינגיין אין דער פרעמד. דער פלוך פון „ועבדת שם אלהים אחרים . . . עץ ואבן" האָט אים געשראָקן. ער האָט אויך געלעכצט נאָך גאולה אַלס ישועה פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. ער האָט געוואַרט און זיך קוים געקענט דערוואַרטן אויף דעם טאָג ווען משיח וועט קומען במהרה בימינו און די זון פון גערעכטיקייט, וואָס טראָגט אין אירע שטראַלן־פליגלען אַ רפואה פאַר אַלע נשמה־קראַנקהייטן, וועט באַשיינען זיין לעבן און דעם לעבן פון אַלע פעלקער, און דאַן וועט מען אים אומקערן זיין צוגעגזלט לאַנד.

דער ייד האָט ניט באַגרינדעט זיין אויסלייזונג־טרוים אויף דעם פּחד אָדער נאָך ערגער אויף דער באַהויפּטונג, אַז אין גלות וועט ער צעמאָלן ווערן און צעשטויבט ווערן, אַזוי אַז אַ שטויבעלע וועט אַ שטויבעלע ניט דערקענען. ער האָט געגלויבט אַז דער בונד וועט קיינמאָל ניט צעשטערט ווערן (ויקרא כ"ו, מ"ד). ער האָט געגלויבט באמונה שלמה, אַז נצח ישראל לא ישקר, אַז די יידישע אייביקייט וועט ניט ליגן, אַז די יידישע אומה וועט ניט אונטערגיין אַפילו אונטער די ערגסטע און שווערסטע אומשטענדן פון אַן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן כאַראַקטער, און צו דער אייגענער צייט, כאָטש ער האָט זיך ניט געשראָקן פאַרן אומקום, האָט ער געגלויבט, ניט וויניקער געווען זיכער, אַז די גאולה וועט קומען, מוז קומען, ווי לאַנג זי זאָל זיך ניט זאַמען. ער האָט אָבער זיין גאולה־דערוואַרטונג ניט באַזירט אויף אַ נעגאַטיוו, אויף יידישן כליון, און אויך ניט אויף דער ווילדער רשעות פון די גוים, אויף קאַניבאַלישער יידן־שנאה.

ביי דעם יידן איז עס אַן אַקסיאָמע, אַז אונטערגיין וועט ער ניט, אָבער זיך איינלעבן אין דער פרעמד צווישן די אומות־העולם, זיך איינאָרדענען באַקוועם און גליקלעך, וועט ער אויך ניט. ער האָט ביידע זאַכן געהאַלטן פאַר אַן אוממעגלעכקייט.

איך געדעק ביי אונדז אין שטעטל, יאַגוסטאָוו, איז געווען אַן אַלטער קינדער־דאָקטאָר. האָט ער זיך אַזוי געפירט: ער האָט כסדר געסטראַשעט

זיינע קינדער־פּאַציענטן מיטן טויט. אַז איך בין קראַנק געוואָרן און מ׳האָט אים געבראַכט צו מיר, האָט ער מיר דווקא געוואָלט איינגעבן עפּעס אַ ביטערע רפואה, וואָס איך, נאַטירלעך, האָב ניט געהאַט קיין גרויס חשק צו נעמען. זעענ־דיק מיין ווידערשטאַנד, האָט ער גענומען טאָפּטשען מיט די פיס און מלא־חמה גענומען שרייען: אויב דו נעמסט עס ניט, וועסטו שטאַרבן... מ׳וועט אויס־גראָבן א טיפע גרוב און מ׳וועט דיך אין איר באַגראָבן און די ווערים וועלן דיך אויפעסן.

די יידן האָבן קיינמאָל אַזוי צו זיך ניט גערעדט ווען עס האָט זיך גע־האַנדלט וועגן „שיבת ציון״. זיי האָבן יאָ אַזוי גערעדט און געשריבן אין די הייליקע ספרים בלויז ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אויפנעם פון דער תורה־קולטור און אָפּהיט פון אירע געבאָטן: אָדער איר נעמט די תורה, אָדער עס וועט פון אייך קיין שריד ופליט ניט בלייבן. פאַרוואָס בנוגע דער תורה — יאָ, און בנוגע ארץ ישראל און גאולה — ניט? ווייל אָפּהיטן די תורה איז אַ ריין סוביעקטיווער ענין, וואָס ווענדט זיך אינגאַנצן אָן גוטן ווילן פון פאָלק, בשעת לאַנד־אויסלייז איז עפּעס אָביעקטיוועס, אויסערלעכס און עס הענגט ניט אָפּ אינגאַנצן פון פערזענלעך־נאַציאָנאַלן וואונטש און פאַרלאַנג. יידן האָבן ניט געוואָלט און ניט געטאָרט שטעלן זייער עקזיסטענץ אויף אַ באַדינג, וואָס געפינט זיך ניט אויסשליסלעך אין זייער רשות, נייערט האָט צו טאָן מיט אויסערלעכע אָביעקטיווע אומשטענדן.

דער עם ישראל איז אַ כנסת ישראל, איז אַ פאָלק־געזעמל. אַזוי זאָגט אונדז בפירוש די יידיש־טראַדיציאָנעלע (אָנהייבנדיק פון חומש און דורכגייענ־דיק דורך די נביאים און אָנקומענדיק צו ביידע תלמודס און אויסלאָזנדיק מיט די ראשונים און אחרונים) זעלבסט־אויפפאַסונג פון יידישן פאָלק. מיר האָבן קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו זיין אַן „עם ישראל חי״. און ווען מיר וואָלטן אויפגעהערט צו זיין אַ פאָלק וואָלטן מיר צוריק קיין פאָלק ניט געקענט ווערן דורך דעם שם־המפורש, דורך אַ מאַגישן שפרונג פון אַ קאָנגרעס און אימיטאַ־טיווער האַפּטלאָזער דיפּלאָמאַטיע. טויטע שטייען ניט אויף קיין תחית המתים מחוץ פון דער יעוואַנגעלישער לעגענדע און אַנדערע ענלעכע סיפורי־נפלאות. זייענדיק אַן עם־ישראל, זיינען מיר געווען, זיינען איצט און וועלן זיין אין אַלער אייביקייט, אַ כנסת־ישראל. דורך דעם וואָס מיר וועלן זיך אויפזאַמלען און שאַפן אַ „קיבוץ גליות״ וועלן מיר ניט אויפהערן צו זיין אַ כנסת־ישראל, אַ פאָלק וואָס באַזירט זיין פאָלקטום, זיין ציבור־איינקייט, זיין צוזאַמענגעהערי־קייט אויף דער יידישער תורה, אויף יידישער געוויסנשאַפט. די „ארץ״ געהערט צו „ישראל״, דערפאַר איז עס ארץ־ישראל, און ניט ישראל געהערט צו דער „ארץ״.

ווען מיר וועלן זיך באַמיען צו דערקלערן די הערצאישע דערשיינונג פון דער יידישער עקזיסטענץ אין גלות און ריידן דערביי פראָסטע פראָזע וועלן

מיר טאַקע פאַרלירן אין עלאָקווענץ אָבער דערפאַר געווינען אין פאַרשטענדע־ניש פון אָט־דעם העכסט אינטערעסאַנטן פענאָמען.

דער ייד אין גלות האָט ניט פאַרניינט רוים אַלס אַ געאָמעטרישע השגה און אויך ניט אַלס פשוטן וואוינפּלאַץ. נאָך אַלמען האָט זיך דאָך דער ייד געפונען פיזיש אויף דער ערד הגם עקאָנאָמיש און פּאָליטיש גאַנץ אָפּט אין דער לופטן. וואָס דער ייד האָט יאָ פאַרניינט איז דעם פּרינציפּ פון טעריטאָריע. ער האָט ניט באַטראַכט דאָס פאָלק ישראל פאַר אַ „מחובר לקרקע", און דערי־בער ווי נאָר עס פאַרלאָזט דעם באָדן, ווערט אויסגעוואָרצלט, מוז עס גלייך פאַרדאַרט ווערן. דער ייד האָט געטענהט מיט זיין גאַנצן מהות אַז ער איז ניט מחויב מאָראַליש זיך אונטערצוואוואַרפן אונטער דער גייסטיקער השפּעה און יוריסדיקציע פון דער געאָגראַפיש־פּאָליטישער סביבה אין וועלכער ער האָט זיך אַריינגעצויגן. ער איז ניט פאַרפליכטעט אויפצונעמען די שטייגערס, מנהגים, פאָלקס־וועגן, הנהגות און השגות פון דער פאָלק־קערפערשאַפט וואָס באַוואוינט פּרעדאָמינירנדיק יענעם טעריטאָריאַלן שטח. דער ייד האָט באַ־הויפּט און באַשטאַנען אויף דעם, אַז ער באַזיצט אַ באַשטימטן, דייטלעך אָנגע־צייכנטן פּסיכאָלאָגיש־קולטורעלן פּרצוף־פּנים און קיינער האָט קיין רעכט ניט אַרויפצוצווינגען אויף אים אַ פרעמדע פיזיאָנאָמיע אויף דעם סמך וואָס ער געפינט זיך כלומרשט אויף יענעמס לאַנד, אויף יענעמס פּאָליטישן באָדן, דהיינו שטאַטלעכער באַזע, וואָס הייסט טעריטאָריע. טעריטאָריע איז ניט קיין ריין געאָגראַפישער, נייערט אַ פּאָליטיש־געאָגראַפישער טערמין און באַגריף. דער ייד האָט געלערנט (און האָט דורכגעפירט זיין לערע אין לעבן אויף וויפיל ער איז נאָר געווען אימשטאַנד, צייטנווייז געהאָרכנדיק דעם אָנזאָג, „יהרוג ואל יעבור", זיך לאָזן הרגענען אָבער ניט נאָכגעבן) אַז דער פּאָליטישער פּלאַץ טאָר ניט אַבזאָרבירן דאָס פאָלק, טאָר ניט אַרויפצווינגען אויף דעם פאָלקס־ציבור און אויף זיינע יחידים קיין באַשטימטן לעבנס־שטאַט, מחוץ די באַגרענעצטע צופּאַסונגען וואָס ווערן דיקטירט פון וואוינפּלאַץ, ד"ה פון די באַדינגונגען פון געאָגראַפישער און קלימאַטישער סביבה, פון דער פלאָראַ און פאַונאַ.

און אויב דאָס איז געווען די יידישע השגה, וואָס האָט געקראָגן איר אָנזעעוודיקע אָנווענדונג אין גלות־לעבן, זע איך ניט איין פאַרוואָס דער היינט־צייטיקער ייד, ריכטיקער, דער ראַדיקאַלער ייד זאָל זיך דאַרפן אָפּזאָגן פון אָט־דער גוט־דורכגעטראַכטער יידישקייט־לערע, פון אָט־דעם הויך פּראָגרעסיוון יידישן געדאַנק נאָך דעם ווי ישראל האָט געקעמפט פאַר אים מיט אַזוי פיל מסירת־נפש אין משך פון אַזוי פיל יאָרן.

אַ כנסת־ישראל, וואָס האָט געקעמפט אַזוי העלדנמוטיק היפּשע הונדער־טער יאָרן פאַר אַן אידייע, וואָס איז ניט אויסגעשעפּט און קען ניט ווערן אַזוי לייכט און שנעל אויסגעליידיקט פון דינאַמישקייט און פּאַטאָס, וועט ניט

אויפגעבן זיין עקזיסטענץ, וועט ניט באַגיין קיין זעלבסטמאָרד אין מיטן קאַמף, וועט ניט פאַרשווענכן אַ גלאָררייכע טויזנטיאָריקע געשיכטע פון אַ מלחמת־מצווה קעגן דער פּאָליטישער רשעות פון דער וועלט.

אַ געאָגראַפישער „כינוס", ווען דער כינוס זאָל אַפילו פאָרקומען אין לאַנד פון ישראל וועט ניט האָבן קיין געשיכטע־באַצווינגענדיקע ווירקונג אויף כל ישראל און ר׳ ישראל אויב אָט דעם „כינוס" וועט ניט פאָראויסגיין, מיטגיין און נאָכגיין אַ גייסטיק־קולטורעלער, עטישער „כינוס".

די וועלטלעכע גלות־נאַציאָנאַליסטן האָבן געטראַכט און גערעדט אין טערמינען פון יוריספּרודענץ, פון קאָנסטיטוציאָנעלן רעכט. זיי האָבן געפּאָדערט אַן אויטאָנאָמיע, אַ שטאַט־בודזשעט פאַר דער יידישער שול אאַז"וו. זיי האָבן איבערגעלעבט אַ דערשיטערנדיקע אַנטוישונג. ניט דאָס געשאָנקענע אָדער אויסערלעך פּאָליטיש אויסגעקעמפטע רעכט איז דעצידירנדיק, נייערט די אינערלעכע רעליגיעז־עטישע סאַנקציע, דער אַבסאָלוטער אימפּעראַטיוו, די מצווה, וואָס קען באַזעלן דאָס פאָלק, אים מאַכן דורשטיק און הונגעריק פאַר זיין „דבר תורה", פאַר זיין קולטור־וואָרט און קולטור־לשון. די וועלטלעכע ארץ־ישראל נאַציאָנאַליסטן דערוואַרט די זעלביקע ביטערע אַנטוישונג. זיי טראַכטן, ריידן און שרייבן אין טערמינען פון וואָכיקער געאָגראַפיע, חולינ־דיקער עטנאָגראַפיע און רויער, גראָבער מלוכהשאַפט.

אַ ייד מיט לײדיקן אין האַנט . . . איז אַ קנאַפּע צרה,דער עיקרשט ער זאָל ניט זיין מיט אַ לײדיקן האַרצן און אַ פּוסטן קאָפּ. אַ ייד מיט אַן אַלוועלטלעכער גרויס־ראַדיקאַלער אידייע איז אַ כוח, איז אַ גבורה. יידישקייט אַלס אַ טרעגערין פון פּראָגרעס איז נאָך ווייט ניט אויסגעשפּילט. אַזוי לאַנג צוריק ווי אין יחזקאל הנביאס צייטן האָבן שוין אונדזערע פּעסימיסטן פאַרזיכערט, אַז מיר האַלטן ביי דעם לעצטן אָטעם־צוג, אַז אָט־אָט און מיר ציען אויס די פּיס, פאַרוואַרפן דעם קאָפּ אָן אַ זייט, און גייען אויס, — און זיי האָבן זיך אָפּגענאַרט, און נאָך ווי אָפּגענאַרט. דער גוואַלדאָוונער כוח פון יידן איז געלעגן ניט אין טלית אַלס אַ געוועב געשטרייפט מיט פאַסעקלעך און פאַרפלאָכטן מיט פעדים אויף זיינע פיר עקן, און ניט אין די תפילין, אַלס „שטיבעלעך" געמאַכט פון פעל. און ניט די רצועות ווי לעדערנע לענטעס, נייערט אין דער גרויסער רע־וואָלוציאָנערער רעליגיעז־עטישער אידייע, פון וועלכער דער טלית און תפילין זיינען געווען בלויז אַ גשמיותדיקער לבוש גילטיק פאַר אַ געוויסער צייטלענג. און כל־זמן די אידייע פון יידישקייט, סיי פילאָזאָפיש רעליגיעז, סיי סאָציאַל־פּאָליטיש, לעבט, וועט דאָס יידישע פאָלק, אַלס אַ כנסת־ישראל, לעבן. אונדזער דור איז ניט שלאַבערדיקער, כשל־ברכדיקער פון די פאַרדעמדיקע דורות יידן. אונדז קומט אויס דורכצומאַכן אַ שווער־אחריותדיקן איבערגאַנגס־פּעריאָד. אָבער דאָס איז אַ זכות און זכייה, ניט קיין לאַסטיקע אומאַנגענעמע

פליכט. אונדז קומט אויס, צו געברויכן אַ פּראָסטן ביישפּיל, צו בייטן די פערד אין מיטן דורכבראָדזשען דורך אַ שטראָמיקן, שנעל־פליסיקן וואַסער. מיר וועלן עס אָבער באַוויזן.

איך האָב אַ מאָל, אין היץ פון אַ וויכוח, געזאָגט צו מיין טאַטען: „ווען דו וואָלסט געהאַט געבראַכט משיחן, וואָלט איך מוזן צוגעבן מיין נישטיקייט, ווייל איך ווייס אַז איך קען עס ניט באַווייזן. אָבער ניט־ברענגען משיחן קען איך אַזוי גוט ווי דו".

מיט אַנדערע ווערטער, קעמפן פאַר יידישער עקזיסטענץ און שעפערישן המשכדיקן קיום, ניט פאַרלירן דעם יידישן בטחון, אָנהאַלטן די יידישע פּראָ־ווערביאַלע עקשנות קען אונדזער דור ניט ערגער פון אַלע פריערדיקע דורות. ווייל די גייסטיקע ווערטן, פאַר וועלכע אונדזערע טאַטעס האָבן זיך איינגע־שטעלט ביז צו מסירת־נפש, ביז צו קידוש־השם, באַזיצן זייער וואַלידיטעט און פולע גילטיקייט פאַר אונדזער צייט ניט ווייניקער ווי פאַר זייערע צייטן און, ממילא, אויך פאַר אונדז אַזוי ווי פאַר זיי.

## מראה מקומות


1. זהר בראשית ס״ו, ע״א. ראָזענבערגס איבערזעצונג.
2. זהר דברים, וילך, רפ״ד, ע״ב.
3. סוטה, ז׳ ע״ב.
4. ברידער גאָרדין, אַ מגילה צו די יידן אין גלות, ז׳ 19. ווילנע, 1909.
5. אבא גאָרדין, מאָראַל אין יידישן לעבן, ז״ז 73—74, 1940.
6. בראשית רבה, פס״ח; סוכה ל״ה: ; ברכות ט״ז, ע״ב ; שבת י״ב, ע״ב ; אָבות,בי י״ג ; עדיות הי וי און פילע אַנדערע פּלעצער.
7. אבא גאָרדין, גרונט־פּרינציפּן פון יידישקייט, ז״ז 128—129. ניו־יאָרק, 1938.
9. פּרקי רבי אליעזר, ל״ה.
10. ברידער גאָרדין, אונדזערע חבורים, ז׳ 15, ווילנע 1912.
11. זהר דברים פ׳ ואתחנן, רס״ח ע״א.
12. אבא גאָרדין, מאָראַל אין יידישן לעבן, ז״ז 175—177.
13. תהלים קי״ח, י״ח.
14. אבא גאָרדין, יידישער וועלט־באַנעם, ז״ז 197—199.
15. דער אייגענער מחבר, מאָראַל אין יידישן לעבן, ז״ז 109—110.

# פּרינציפּן און צוועק־דערקלערונג

.1

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט שטעלט זיך אַלס אויפגאַבע צו פאַרפעסטיקן די יסודות פון דער יידישער זיטנלערע, און צו פאַרשפּרייטן עטישע בילדונג און דערציאונג צווישן די ברייט־סטע שיכטן פון פאָלק.

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט וועט העלפן אַנטוויקלען און באַאַרבעטן, אין טעאָריע, ווי אויך פּראַקטיש, זיך אומענדלעך... 

די גרונטלאגן פון דער יידישער מדות־לערע. די געזעלשאַפט וועט זיך באַמיען בייצוטראָגן ווי ווייט מעגלעך צו דער זיטלעכער דערוואַכונג פון די ברייטסטע שיכטן פון פאָלק און זיין אַ ווירקזאַמער פאַקטאָר אין דער אויפהייבונג פון זייער עטיש־קולטורעלן ניוואָ.

די פּרינציפּן פון יידישער מאָראַל דאַרפן ווערן אַ קנין פון גאַנצן פאָלק, און ניט בלויז פון עטלעכע יחידי־סגולה, רעכט־דענקער. דער יידישער געוויסן דאַרף זיך לאָזן פילן, זיך אַרויסווייזן אין טאָג־טעגלעכן אויפפיר, דאַרף באַאיינפלוסן, צום גוטן, די באַציאונגען וואָס ווערן געשפּונען צווישן יחיד און יחיד, יחיד און רבים, ווי אויך יחיד־רבים און דער וועלט.

אָט־דעם צוועק האָפט די יידיש־עטישע געזעלשאַפט צו דערגרייכן דורך אַ גוט־אָוועקגעשטעלטער, ברייט־אויסגעשפּרייטער אויפקלערונגס אַרבעט, וועלכע וועט ווערן אָנגעפירט מינדלעך און שריפטלעך.

די יי. ע. ג. וועט אָרגאַניזירן קורסן, גרינדן פאָרומס, אַראַנזשירן איינצלנע לעקציעס און סעריעס פון פאָרטראגן פאַר דערוואַקסענע, ווי אויך פאַר דער אַרבעטנדיקער און שטודירנדיקער יוגנט, איינאָרדנען סימפּאָזיומס, פאַררופן פון צייט צו צייט אינסטרוקטיוו־ערנסטע דעבאַטן וועגן יידיש־עטישע קעגנשטאַנדן און ענינים; אַרויסגעבן און פאַנאַנדערטיילן פלוג־בלעטלעך, בראָשורן, מאָנאָגראַפיעס, ביכער און פּעריאָדישע שריפטן, וועלכע וועלן געהייליקט זיין צו דער קלאָרמאַכונג און פאַרטיפונג פון יידישער גערעכטיקייט־וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע.

2.

די פּרינציפּן פון דער יידישער עטיק, הגם אויסגעדריקט און פאָרמולירט אין פאַרהעלטניסמעסיק פּרימיטיוון אַלטערטום, זיינען גילטיק פאַר דער קאָמפּליצירטער קעגנוואַרט און צוקונפט.

די פּרינציפּן פון דער יידישער עטיק האָבן געקראָגן זייער מעכטיקן אויסדרוק אין יידישע ווערק, וועלכע זיינען פאַרפאַסט געוואָרן פאַרצייטנס, ווען דער יידישער און אַרומיקער לעבן איז געווען פאַרהעלטניסמעסיק פּשוט, מ׳קאָן אַפילו זאָגן, באַרבאַריש, ווען די סאָציאַלע סביבה איז געווען, רעלאַטיוו קוקנדיק, איינפאַך, די אומשטענדן איינפאַלטיק, די שייכותן פון קאַסטע צו קאַסטע , שיכט צו שיכט, שבט צו שבט און פאָלק צו פאָלק זיינען געווען כמעט ווי ברוטאַל.

אָט די פּרינציפּן זיינען אָבער לויט אונדזער טיפסטער איבערצייגונג, פּאַסנדיק און אָנווענדבאַר, אין זייער פולער זאַפטיקייט און קרעפטיקייט, אַלס פורעמער פון אינדיווידועלן, אינטער־אינדיווידועלן און סאָציאַלן אויפפיר פון אונדזער צייט און זיי זיינען אימשטאַנד צו לייסטן גרויסע דינסטן אין דער צוגרייטונג פון דער צוקונפט, אין דער איינפירונג, מיט ווייניקער ווייטיק, שווערניש און געפעכט, פון אַ מער ראַציאָנאַלער און מער עטישער אָרדנונג.

זיי האָבן געדינט און וועלן אויף־ווייטער דינען אַלס וועגווייזערס פאַר דעם יידן און מענטשן. זיי וועלן לינדערן די עינויים פון זיין וועג דורך דעם לאַבירינט פון זיין זעל. גרינגער מאַכן די משא פון די אויסערלעכע פּאַסירונגען און דערלייכטערן דעם יאָך פון זייערע אינערלעכע, אַמאָל גאַנץ קרומלעכע, אָפּשפּיגלונגען. מענטשנס דערפאַרונגען זיינען ניט אַלעמאָל אנגענעם, ניט אין אַלע פאַלן ברענגען זיי פריידן, פאַרשאַפן זיי פאַרגעניגן. זיי זיינען אַ סך מאָל אַן אָפּקומעניש, אַ מאַטערניש, זיי פאַראורזאַכן גאַנץ אָפט פּיין און ליידן, זיינען גורם צרות און יסורים.

איבערלעבונגען זיינען ניט זעלטן דערשיטערנדיק, פאַרלעצנדיק. זיי רודערן אויף די גאַנצע אינעווייניקסטע וועלט. זיי צעטרייסלען דעם גאַנצן פּסיכאָלאָגישן איינשטעל. ביטערע אַנטוישונגען לויערן אויף דעם מענטשן. שווערע נסיונות טשאַטעווען אויף אים אויף יעדן טריט און שריט. פּסיכישע שטירדעס פאַרמעסטן זיך קעגן דער גאַנצקייט פון דעם נשמהשן סיסטעם, צולהכעיס־טועניש שטעלן אין סכנה די האַרמאָניע, דעם שלום־בית וואָס באַדאַרף הערשן צווישן די באַזונדערע צושטאַנדן פון זעלבסט־באַוואוסטזיין.

און אויף זיין פּסיכישער רייזע איבער די שטורעמדיקע ימען פון עמאָציע

און דורך די טרוקענע מדבריות פון שכל נייטיקט זיך דער מענטש אין אַ גייסטיקן קאָמפּאַס, אין אַן אינערלעכן פּילאָט, אַ מורה־דרך, ווי אויך אין אַ פּערזענלעכן פריינט, אויף וועלכן ער זאָל זיך קענען פאַרלאָזן אין אַן עת־צרה. מענטש דאַרף האָבן אַן אייגענעם מעדיקער, אַ וואונדן־היילער, באַנדאַזשירער, טרייסט־געבער און שלום־מאַכער, וועלכער זאָל זיין גרייט צו העלפן אים צו יעדער צייט און אונטער אַלע אומשטענדן.

אָט־די אַלע פונקציעס האָבן דערפילט און וועלן אויך ווייטער דערפילן די יידישע עטיש־פילאָזאָפישע פּרינציפּן, און מיר האַלטן אַז־זייער דינסט־פייאיקייט און נוצלעכקייט אויף דעם געביט פון זעל־היגיענע און טעראַפּיע איז אויף אַ האָר ניט קלענער געוואָרן. צייט האָט איבער זיי קיין שליטה ניט געהאַט. זי האָט זיי ניט אָפּגעשוואַכט, זי האָט זייער קאָלירפולקייט ניט אויסגעבלייכט, זייער האַפּטיקייט ניט אויסגעוועפּט, מחמת די מענטשלעכע פּסיכאָלאָגיע אין אירע גרונטשטריכן האָט זיך ניט געענדערט. די פּרינציפּן זיינען היינט־צו־טאָג פּונקט אַזוי יונג און פריש ווי זיי זיינען געווען אַ פּאָר טויזנט יאָר צוריק.

אָבער דאָס איז ניט אַלץ. אָט־די פּרינציפּן פאַרמאָגן אויך אַ וויכטיקן באַטייט אַלס פאַנאַנדערפלאָנטערער פון די פאַרוווירעניש, קנופּן און קנוילן פון ברייטן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דער צבור־לעבן רוקט אַרויס קאָפּ־ברעכנדיקע פּראָבלעמען, וועלכע פאָדערן דרינגנדיק אַן ענטפער, ער שאַפט נייע סיטואַציעס, וועלכע מיט דעם גאַנג פון צייט ווערן אַלץ מער פאַרוויקלט און פאַרווירט, ער נייט אויס נייע יעראָגליפישע אוזאָרן אויף דעם געוועב פון די פאַרהעלטענישן וואָס קרייצן און איבערקרייצן זיך צווישן יחיד, גאַטונג און קאָסמאָס — מ׳דאַרף זיי קאָנען פאַנאַנדערשיפרירן. און פאַר דער דאָזיקער פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט זיינען די יידיש־עטישע פּרינציפּן ווי אָנגעמאָסטן. זייער חשיבות אַלס סאָציאַל־פּאָליטישע ריכט־שנורן, ווענדונג־אָנצייגער, פּראָגרעס מייל־שטיינער און פאַרשריט־דירעקטיוון איז, אין דעם משך פון די פאַרלאָפענע פּאָר טויזנט יאָר, זינט זיי האָבן געפונען זייער עקספּרעסיע און פאָרמולי־רונג אין די יידישע אַלטערטום־קלאַסיקער, ניט געמינערט געוואָרן אַפילו כהוא־זה.

אין קורץ, יידישקייט אַלס יידיש־עטישע קולטור, יידישע אידעאָלאָגיע, יידישע מאָראַל־פילאָזאָפיע — עגאָלאָגיע, עגאָזאָפיע — איז ניט קיין זאַך פון דער אָפּגעלעבטער פאַרגאַנגענהייט, פון דער פאַרזונקענער געוועזנהייט, נאָר אַן ענין פאַר דער לעבעדיקער קעגנוואַרט, צאַפּלדיקן איצט־היינט און מיט דראַנג און געראַנגל אויפטוקנדיקן מאָרגן, צוקונפט.

יידנטום איז היידעניזירט געוואָרן אונטער דעם דרוק פון די פרעמדע קולטור־סביבות אין די גלות־לענדער, וואו יידן האָבן געוואוינט. דערפאַר נייטיקן זיך די יידישע עטיש־פילאָזאָפישע ווערטן אין אַ לייטערונג און רייניקונג.

די יידישע קלאַסיקער אין זייער ראָל פון שאַצקאַמערס, וואו עס ווערן אויפגעהאַלטן און געהיט די אוצרות פון יידיש־עטישן זשעני, זיין געזעלשאַפט־מאָדעל און וועלט־געמעל, זיינען עד־היום גאַנץ ווייניק פאַר־שטאַנען געוואָרן, נאָך ווינציקער אָפגעשאַצט געוואָרן ווי באַדאַרף צו זיין. אין וואָס איז נאָך ערגער, זיי זיינען פאַרגרייזט געוואָרן.

די פאַרגרייז־פעלשונג איז פאָרגעקומען אונטער דעם שווערן דרוק פון די פרעמדע און אומפריינטלעכע קולטור־סביבות און שטימונג אַטמאָספערן אין וועלכע די יידן איז אויסגעקומען צו לעבן אין דיאַספּאָרע, אין זייער צעשפּרייטקייט און צעזייטקייט.

צו דער פאַטאַלער פאַלסיפיקאַציע און היידעניזירונג פון יידנטום האָבן איבערהויפּט גורם־געווען די אומפּינקטלעכע איבערזעצונגען וואָס זיינען גע־מאַכט געוואָרן פון דער ביבל.

די פּרואוון איבערצוגיסן פון איין שפּראַך־געשיר אין אַ צווייטן דעם עכט־יידישן, איידל אייגנאַרטיקן און הויך־אַבסטראַקטן אינהאַלט זיינען געווען אַ מיאוסער דורכפאַל. די קווינטעסענץ פון יידיש־עטישער פילאָזאָפיע, וועלכע איז אַ פּראָדוקט פון קאָאָפּעראַציע, פון שעפערישער מיטאַרבעט אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט צוגלייך דאָס יידישע האַרץ און דער יידישער מוח, יידישע אינטואיציע און יידישער פאַרשטאַנד, איז ניט אַזוי גרינג איבערצוגעבן אין אַ פרעמדער שפּראַך. אָט־די אויפפאַסונג, וועלכע איז דערגרייכט געוואָרן דורך אַ גלייכצייטיקער עמאָציאָנאַליזירונג און ראַציאָנאַליזירונג, פון די קעגנזייטיקע שייכותן, וואָס ווערן געפלאָכטן צווישן ייד, יידישן ציבור, מענטשהייט און אוניווערזום, און וועלכע איז אויסגעדריקט געוואָרן אין ביבל־שפּראַך און ביבלישער השגה, איז ניט אַזוי לייכט איבער־צוזעצן אין אַ פרעמדן פּסיכאָלאָגישן באָדן. יעדנפאַלס קאָן עס ניט געטאָן ווערן מעשה־פּאַרטאַטש, דורך וואָרט פאַר וואָרט, זאַץ פאַר זאַץ רענדיציע און אויבערפלעכלעכער אינטערפּרעטאַציע. און די דאָזיקע טאַלמאַטשעריי־עקספּערימענטן האָבן זיך באַוויזן צו זיין אין העכסטן גראַד אומגעלונגען, לחלוטין אַבאָרטיוו.

דער יידישער ספר־הספרים איז פאַרטייטשט געוואָרן, דאָס הייסט, מען האָט אים אונטערגעוואָרפן אַ פּייניקדיקן פּראָצעס פון העלעניזירונג,

ראַמאַניזירונג א. אַ. וו. און דורכדעם האָט מען אים אויף דורות־לאַנג פאַרפרעמדט, אָפּגעריסן פון יידיש־גייסטיקן שטאַם, מיט איין וואָרט — פאַגאַניזירט.

די ניט־אייגענע, ניט־אָרגאַניש צוזאַמענגעוואַקסענע אויסדרוק־פאָרמען האָבן, ווילנדיק, ניט־ווילנדיק, געמוזט אַרויספּרעסן אויף אים זייער מגושמ־דיקן, פאַרגרעבטן שטעמפּל און אַנדערשן, צו אַ געוויסער מאָס, דעם עצמ־מהות, דעם סאַמע תוך פון דער יידיש־עטיש פילאָזאָפישער מענטש־געזעל־שאַפט־וועלט־קאָנצעפּציע.

אָט־די פאַרפרעמדונג איז ניט קיין רעזולטאַט פון אַ בייזוויליקער מיסברויכונג. דאָס קומט פון דעם, וואָס די אויסלענדישע באַגריף און עקספּרעסיע־דיסציפּלין האָבן, פשוט, ניט פאַרמאָגט די גענויע טערמינאָ־לאָגיע, די אַנדערפעלקערישע לשונות האָבן ניט געהאַט די פּאַסיקע ווערטער, וועלכע וואָלטן זיי געקאָנט געבן אַ מעגלעכקייט איבערצוליפערן די יידיש־עטישע אַריינקלערונגען און אַרויסקלאָרונגען מיט געפאָדערטן דיוק און פולמאָסיקער פּינקטלעכקייט. זיי האָט געפעלט די עקזאַקטע אויסדרוקן מיט וועלכע זיי וואָלטן געוועזן ביכולת אַריבערצוטראָגן די יידיש־עטישע נשמה און וועלט־אַריינדרינגונגען און אַרויסדרינגונגען, פאָראויסזעצונגען און שלוס־ציאונגען, און ניט פאַרפלאַטשיקן, בשעת מעשה, די טיפקייט פון דער ביבלישער מחשבה, ניט דערנידעריקן די הויכקייט פון איר געדאַנק, ניט פאַרגרעבן די איידלקייט פון איר געפיל.

בקיצור, די פרעמדע און ממילא פיינטלעכע פילאָלאָגיע האָט געשעדיקט די שלימות, פוגם־געווען די שאַרפקייט פון דער יידישער פּסיכאָלאָגיע.

דעריבער דאַרפן טאַקע די יידישע עטיש־פילאָזאָפישע ווערטן געריניקט און געלייטערט ווערן. מיר זיינען פאַרפליכטעט צו באַזייטיקן די העטעראָ־גענישע עלעמענטן, אויסבערענען דעם פּאַגאַניסטישן פסולת, אָפּשווענקען די עבודה־זרהשע צומישעכצן וואָס האָבן זיך צוגעקלעפּט צו זיי פון די פרעמדע געפעסן אין וועלכע זייער שיקזאַל האָט זיי געבראַכט אויפגעהאַלטן צו ווערן און וועלכע האָבן באַאיינפלוסט אויף אַ שעדלעכן אופן דעם פאַרשטיין און אויפפאַסן אַפילו פון דעם העברעאישן טעקסט. די צוריקווירקונג פון דער אומקלאָרער איבערזעצונג האָט דעם אָריגינאַל גופא געמאַכט ווי מטושטש און גורם געווען צו אַן אוטערשעצונג פון יידיש־עטיש פילאָזאָפישן אויפטו, געבראַכט צו אַ פאַרפלאַכונג און כמעט אָפּווישונג פון דער יידישער אָריגי־נאַליטעט אין דעם תחום פון עטיש־סיסטעמאַטישן דענקען און פילן.

און מהאי טעמא פאָדערן די יידיש עטיש־פילאָזאָפישע טייערקייטן אַ רעסטאַווירונג, ניט קיין רעפאָרמירונג. וואָס מען דאַרף טאָן איז אומקערן זיי צו זייער יידישער אורשפּרינגלעכער זויבערקייט און גאָר־ערשטיקער דערהויבנקייט.

.4

די יידיש־עטישע פילאָזאָפישע ווערטן, געריניקט פון די פאַגאַניסטישע עלעמענטן, וואָס זיינען צו זיי צוגעשטאַנען און געלייטערטע פון דעם קולטוס־פסולת וואָס האָט זיך מיט זיי פאַרשמאָלצן, וועלן אונדז דינען אַלס אַ זיכערער מיטל מיט וואָס צו באַצווינגען די היינטיקע רשעות־וועלט, אומגעשטאַלטן דעם פנים פון דער געזעלשאַפט און איבערפורעמען דעם גאַנצן סדר־העולם.

די יידיש־עטישע פילאָזאָפישע ווערטן, געלייטערט אין טיגל פון יידישער קריטיק, וועלן אויפדאָסניי בכוח־זיין צו ווערן אַ פעולהדיק געווערקצייג אין אונדזערע הענט בשעת דעם אויפשטעל פון אונדזער קולטורעלן בית שלישי. זיי וועלן אונדז העלפן אין אונדזער גרויסן אָנשטרענג צו פאַרגיכערן, פאַר־גרינגערן און פאַרזיכערן אונדזער געגאַרטן גייסטיקן אויפגאַנג.

די יידיש עטיש־פילאָזאָפישע ווערטן וועלן ווערן אַ ווירקזאַמע אינסטרו־מענטאַליטעט מיט וועלכער מיר, בשותפות מיט אַלע פראָגרעסיווע עטישע עלעמענטן פון דער ציוויליזירטער מענטשהייט, וועלן אויסוואָרצלען די בייזן פון סאָציאַלן לעבן. און מיר וועלן איינפלאַנצן דאָרט די דערהויבענע אַספּיראַציעס פון אונדזערע פּראָפעטן, פאַרקערפערן אין דעם סאַמע לייב און געביין פון די געזעלשאַפטלעכע איינפירונגען און אינסטיטוציעס די באַשטרעבונגען פון די פאַרצייטיקע יידישע טרוימער און זעער.

און אַזוי אַרום וועלן מיר העלפן איבערגעשטאַלטן די צורה פון דער גאַנצער געמיינזאַמקייט, ענדערן צו בעסער דעם אויסזען פון דעם קיבוץ־לעבן, פאַרריכטן די סאָציאַלע און אינטער־אינדיווידועלע אָרגאַניזאַציע און קאָרעגירן די שטייגערס פון איר פונקציאָנירונג. ווי אויך, צום סוף, איבער־פורעמען דעם גאַנצן פיר פון דער וועלט און מאָדעלירן די קאָסמאָס־הנהגה לויט די מוסטערן געשאַפן פון די נביאים; מיט איין וואָרט, פאַרוואַנדלען דעם באַשטאַנד און באַשאַף אין אַן אויסגעהאַלטן עטישן סיסטעם — דער עקזאַלטירטער טרוים און אינספּירירטער צוזאָג פון יידישער נבואה.

.5

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט פּראָפּאַגאַנדירט די אידעאַלן פון די נביאים: פליסט זיך אַריינצודרינגען אין דעם ריכטיקן מיין און באַטייט פון די נביאישע זשאַגונגען, באַמיט זיך צו פאַרשטיין און פּאָפּולאַריזירן זייער געזעלשאַפט־אויפפאַס און וועלט־באַנעם.

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט באַטראַכט אַלס איר חוב צו מאַכן באַקאַנט און צוגענגלעך צו די השגה פון דעם היינטיקן יידן און מענטשן די אידעאַלן פון די יידישע נביאים, ריכטיק אויסטייטשן זייערע אינטואיציעס און חזיונות, וויסנשאַפטלעך דערקלערן זייערע אידייען און אַנטיציפּירונגען, און דורך דעם דערנענטערן אויף וויפל מעגלעך די שעה פון דער פאַרווירקלעכונג פון זייערע באַגייסטערטע פּאַראויסזעאונגען און פּאַראויסזאָגונגען.

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט וועט זיך באַמיען צו פאָרמולירן אין אַ מאָדערנעם לשון, אין פאַרשטענדלעכע, אָנגענומענע טערמינען, דעם נביאישן אחרית הימים, פאַנאַנדערוויקלען אין זייער גאַנצער אויג־פאַרנעמענדיקער פּראַכט די פּאַנאָראַמעס פון דער פּראָפעטישער עסכאַטאָלאָגיע, אין דעם ליכטיקן שיין פון וועלכער די מאַקסימום פּראָגראַמען פון די ראַדיקאַלסטע פאַרטייען פון אונדזער צייט זעען אויס פאַרבלאָזן, נעבעכדיק, מינימאַל און אָפּאָרטוניסטיש, סיי בנוגע דעם דרייסט פון גייסטיקער אומוואַלצונג, סיי בנוגע דעם שוואונג פון ריזיקאַלן פאַרמעסט און ריזיקן אונטערנעם.

.6

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט אָריענטירט זיך אין יידישן לעבן און שאַפן — אויף דער צוקונפט. דער יידיש־עטישער געדאַנקען־פאָדים וואָס וועבט זיך פון די קדמונים אָן, וועט זיך ציען ווייטער אין דער ווייטסטער און לויטערסטער צוקונפט אַריין.

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט איז זיכער, אַז די פאַרגאַנגענע און פאַרצייכנטע טויזנט־יאָריקע יידישע געשיכטע איז בלויז אַ פאָרגעשיכטע, אַ צוגרייטונג פאַר דער דערוואַרטעטער אַנטפּלעקונג פון יידיש־עטישן זשעני.

די יידישע דערפאָלגרייכע דעה־זאָגונג, די טוגנטהאַפטע השפעה־אויס־איבונג, הייבט זיך ערשט אָן אויף־אַן־אמתן, אין רעזולטאַטפולער ערנסטקייט. די רעקאָרדירטע טויזנטיאָריקע, פּאָליטיש טיף־טראַגישע און עטיש הויך־טריאומפירנדיקע, היסטאָריע, איז מער ניט ווי אַ הכשרה־פּעריאָדע, אַ טרע־נירונג, אַ שולונג פאַר דעם יידיש־עטישן גייסט און זיין וואונדערבאַרער מאַניפעסטירונג אין וואָרט און טאַט, זיין אויפרייסנדיקער התגלות אין סאָציאָלאָגישער באַנייאונג און פּסיכאָלאָגישער אויפריכטונג.

דער עטיש־געשטימטער, דער יידישקייט־באַוואוסטזיניקער ייד וועט העלפן איינפירן:

א) אַ נייעם עקאָנאָמישן סדר, וועלכער איז געבויט ניט אויף גנבה, גזלה און כּאַאָטישער קאָנקורענץ, נאָר אויף אַן עטישן פונדאַמענט פון פּלאַנמעסיקן בשותפותדיקן אָנשטרענג, איינווילנדיקער קאָאָפּעראַציע.

ב) אַ פּאָליטישן אַוועקשטעל, וואָס איז באַזירט ניט אויף בלוט־

פאַרגיסונג, בלוט־פאַרוואַנדשאַפט, בלוט־פּרובירונג, אויף ראַסע און אָפּשטאַם געמיינשאַפט, אויך ניט אויף אויסערלעכער געאָגראַפישער שכנהשאַפט, לאָקאַל־נאַציאָנאַלקייט, נאָר אויף אַן עטישן, ריכטיקער טעאָקראַטישן, יסוד, אויף פּסי־כאָלאָגישער נאָכבאַרשאַפט, דער איינלעב פון די מיטמענטשן וועט זיך האַלטן אויף דער פעסטער באַזע פון אַ גרונטיק דורכגעטראַכטן איינשטים, צוזאַמענ־פאַל פון אַנשויאונגען און קאָנגרוענץ פון איבערצייגונגען;

ג) און אַ קולטורעלע קאָנסטיטוציע אין וועלכער רעפּרעזענטאַציע בנוגע שעפערישער טעטיקייט אויפן געביט פון וויסנשאַפט און קונסט, ווערט באַטראַכט אַלס ניט־גינסטיק, ניט פּאַסיק. און די דאָזיקע קולטורעלע שליח־ציבורשאַפט וועט ווי ווייט נאָר מעגלעך אויסגעמיטן ווערן און סוף־כל־סוף אינגאַנצן געפּסלט ווערן.

פּערזאָנען־יחידים טאָרן ניט בטל־במציאות ווערן, זיך פאַרלירן, ווי שטויבלעך אין ווירבלווינט, לגבי די גרויסע לייטנדיקע גייסטער און, פון דער אַנדער זייט, טאָרן זיי ניט בטל־באלף ווערן, זיך אויפלייזן, ווי טראָפּנס וואַסער אין ים, אין די אומפאָרמיקע, אָנפּנימדיקע אינערטע מאַסן. יחידים דאַרפן זיך אויפפירן ווי ענערגעטישע זעלבסט־באַשטימטע פּערזענלעכקייטן.

7.

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט באַקעמפט מיט אַנטשלאָסנקייט די העלעניזאַציע טענדענצן אין יידישן ווי אין אַלגעמיינעם לעבן. די העלעניזירונג פון דער יידישער ליטעראַטור באַטריבט און פאַרטרינקט דעם קוואַל פון יידיש־עטישן שאַפן, פירט צו דע־גענעראַציע.

די העלעניזאַציע טענדענצן האָבן, זינט דער משכילים־עפּאָכע, אויפ־געהויבן זייער קאָפּ אויף דער יידישער גאַס און איבערהויפט אין דער יידישער ליטעראַטור.

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט וועט מיט כל־הכוחות, אויף אַ פּאָזיטיוון אופן, דורך קאָנסטרוקטיווער קריטיק, זען העלפן געפינען, שאַפן און אויס־בולטן די געהעריקע פאָרמע פאַר יידישער אָפּטימיסטיש־וואָלונטאַריסטישער נביאישער וואָרט־קונסט.

די העלעניזירונג פון דער יידישער קונסט־עקספּרעסיע איז שעדלעך, איז געפערלעך, איז דעגענעראַטיוו אין אַ קולטור־ציוויליזאַציאָנעלן זינען. די העלענער אַלס קיבוץ האָבן פאַר זייער אומגעזונטן פּעסימיסטיש־פאַטאַ־ליסטישן קונסט־נוסח באַצאָלט מיט זייער עקזיסטענץ און די העלעניזירונג פון דער יידישער קולטור־סביבה און געמיט־ספערע איז טויט־טראַגנדיק,

כרת־פאַרשאַפנדיק. זי פאַרסמט די יידישע נשמה, פאַרגיפטיקט דעם יידישן אָרגאַניזם, הן פון יחיד און הן פון כלל, און רופט אַרויס אַן אַנט־ארטונג־פּראָצעס, אַן אָפּשוואַכונג פון די ווידערשטאַנד־כוחות פון דער יידישער קאָלעקטיווער קערפּערשאַפט, אַן אָפּשלאַפונג פון דער לאַנגדער־וואָרבענער און פיל־אויסגעשטאַנענער און אַ סך בייגעשטאַנענער יידישער אימוניטעט, און וועט, אויב מ׳וועט עס ניט פאַרכאַפּן אין צייט, פירן צו דעקאַדענץ, צום אונטערגאַנג פון יידישן אַגרעגאַט אַלס אַזעלכן.

.8

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט האַלט פאַר איר חוב צו העלפן אויסקריסטאַליזירן און אַרויסשיילן דאָס יידישע אין יידן, זען וואָס באַוואוסטזיניקער, האַפטיקער און בולטער צו מאַכן זיינע עטישע אייגנשאַפטן.

אַן עטישער ייד איז אַ מענטש אין בעסטן און פולסטן זין פון וואָרט. און די יידיש־עטישע מינאָריטעט דאַרף זיין די ערשטע אין דער ערשטער קאָלאָנע פון די איבערגעבנסטע שטרייטער פאַר יוניווערסאַלן יושר און אַלמענטשלעכער גע־רעכטיקייט.

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט וועט זיך באַמיען בייצוטראָגן צו דער קולטיווירונג פון דעם עכט־יידישן עטישן כאַראַקטער, צוגעבן טעמפּאָ און חשק צו דער אויסקריצונג פון דער ריינער יידישער פיזיאָגנאָמיע, זען וואָס שטייפער, קלאָרער און דייטלעכער צו מאַכן די שטריכן פון דער פּראָ־ווערביאַלער יידישער כאַראַקטעריסטיק, ווי, דהיינו, אויסדויער, טראָציקייט, עקשנות און בטחון.

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט וועט אָט־די אייגנשאַפטן העלפן ווענדן אין דער ריכטונג פון ווערטפולע, אינדיווידועלע און געזעלשאַפטלעכע דער־גרייכונגען און סובלימע דעראָבערונגען.

אַן עטישער ייד איז אַ מענטש אין דעם בעסטן און שענסטן, ברייטסטן און טיפסטן זינען פון וואָרט. און דער יידישער ציבור איז אַן עם־סגולה, דער אַוואַנגאַרד אין דער פאָראויסמאַרשירנדיקער און מיט מסירת־נפש שטריי־טנדיקער מענטשהייט, וועלכע ווערט געטריבן אומאָפּהאַלטבאַר פון אינע־ווייניקסטע טיף־איינגעוואָרצלטע כוחות־אינסטינקטן פאָראויס צו איר אייביקן ציל — די דערגרייכונג פון גאַנצקייט און סיסטעמאַטישער סאָלידאַריטעט אַלס אַ פאָרבאַדינג און אַוואַנפּאָסט צום אַרויפשטייג צו דער איבערמענטש־הייט־שטופע און, נאָך העכער, צו דער פאַרווירקלעכונג פון אַלזייטיקער פערפעקציע.

דריי צירקלען צייכנט אַרום זיך די עטישע פּערזענלעכקייט:
זיי נעמען אַרום דעם איך פון יחיד, דעם גרעסערן איך פון
דער פאַמיליע, שיכט, פאָלק, מענטשהייט, און דעם גאָר גרויסן
איך, דעם אין־סוף, פון קאָסמאָס. דאָס זיינען די דריי שטופן
וואָס פירן אַרויף צו דער אויסגעברייטערטער איכהייט.

דער ערשטער קרייז כאַפּט אַרום דאָס אינדיווידועלע, ריכטיקער, אינטראַ־אינטעראינדיווידועלע, דאָס אינערלעך־צווישן־פּערזענלעכע, ווייל דער איינצלנער מענטש איז ניט איין פּערזאָן, נאָר אַ סומע פּערזאָנען, אַ גאַנצער שבט, אַ גאַנץ פאָלקסטום. מענטש אַלס אַן אַנטוויקלטע פּערזענלעכקייט איז ניט קיין מאָנאָליט־יחיד, נאָר אַ רבים פאַראייניקט, פאַרקניפּט. די צעלן פון זיין קערפּער מיען זיך צוזאַמען, ווי אַפּנים אַרבעטנדיק אין איין אַסאָ־ציאַציע, און אָנווענדנדיק זייער ברייט דעם פּרינציפּ פון אַרבעט־צעטיילונג און צוזאַמענשטעלונג אויפדאָסניי. מענטש אַלס אַן עגאָ שטעלט פאָר מיט זיך, איז זיין לפני ולפנים, אַ מין רעפּובליק, אַן אינטעראינדיווידואַל, אַ בונד פון פאַרשיידענע אינדיווידן. אָט־דער קויק נעמט אַרום די ביאָלאָגישע און פּסיכאָלאָגישע זעלבסטקייט, וועלכע באַשטייט פון אומציילבאַרע קאָנסטרו־אירנדיקע חלקים, פון גופימלעך־קעסטעלעך און אָן אַ שיעור וויברירונגען־שימערירונגען פון זעלבסט־באַוואוסטזיין, וועלכע ווערן קאָאָפּערירט און אינקאָרפּאָרירט אין איין איך פון קערפּער און זעל, חושים, געפיל און פאַרשטאַנד.

דער צווייטער קרייז רינגלט אַרום דאָס עקסטראַ־אינטעראינדיווידועלע, דאָס אויסערלעכע־צווישן־פּערזענלעכע, די זעלבסטקייט פון קאָלעקטיוו, דעם קלאַס, שיכט, פאָלק, מענטשהייט־אָרגאַניזם.

דער דריטער קרייז באַגרענעצט און שרייבט־אַרום דעם קאָסמאָס, דעם אוניווערסאַלן דאָזיין, דעם גאַנצן קיום.

די אידייע פון אַ וועלט־אָרדנונג, דער באַגריף פון נאַטור־געזעצמעסיקייט האָט אַרויפגעטויכט פון דער טיפעניש פון איך־באַוואוסטזיין, פון דער קאָנ־צעפּציע, אַז אונדזער גוף און נשמה זיינען עפּעס גאַנצעס, עפּעס אייניקעס. די קאָנסאָלידאַציע פון אונדזער אייגענעם איך איז דער אויסגוס־באַסיין פון וועלכן די השגה פון דער רעאַליטעט אַלס אייניקייט פליסט אַרויס. די ריכטיקע אָפּנבאַרונג, די רעוועלאַציע פון דערווירקלעכקייט, פון גאַנצן „יש", קומט פון אינעווייניק, איז אַן ענין פון דער אינערלעכער דערפאַרונג. די באַגינערישע זעלבסט־אָרגאַניזאַציע פון אונדזערע מעשים, די אָנהייבערישע סיסטעמאַטיזאַציע פון אונדזער אויפפיר, דער פאַקט פון אונדזער באַצווינגונג

פון דעם כאאָס, דיסציפּלינירונג פון דעם תהו־ובהו וואָס געפינט זיך אין אונדזערע חושים און שכל — דאָס איז די אמת'ע מעשה־בראשית, די שאַפונג פון קאָסמאָס, דער איינשטעל פון אַ דעפיניטיוון פּיר אין דעם אוניווערזום, דאָס קנעטן צוזאַמען, פאַרפלעכטן און צונויפקניפּן די פּיליקייט און סכ׳יקייט אין איין איינציקייט — אין אַ סדר־העולם. די אינערלעכע פרייהייט און זעלבסט־דיסציפּלין, די קאָנסטיטוציע וואָס מיר שטעלן איין פון אינעווייניק, אין אונדז, סוגעסטירט דאָס אויפנעמען פון דעם פונדאַמענטאַלן רעיון, דעם גרונט־פּאָסטולאַט פון אונדזער וועלט־אויפפאַס, אַז עס איז דאָ אַ שיטה און אַ מוקדם־ומאוחר, אַ צוזאַמענהאַנג און צוזאַמענקייטל אין דעם פּלאַנטער פון דער אויסערלעכער וועלט, און וואָס אויסגעהאַלטענער איז די אָרדנונג, וועלכע מיר היטן אָפּ פון אינעווייניק, אַלץ אינטענסיווער איז די סאָלידאַריטעט, אַלץ נענטער איז די סמיכות־הפרשיות, וועלכע מיר אַנטדעקן אין דער וועלט וואָס מחוץ־פון־אונדז.

אָט־די דריי קויקן באַצייכענען דריי קאָנזעקוטיווע דרגות, עוואָלוציע־פאַזן פון אויסברייט און פאַרטיף פון דער איכהייט.

.10

דער מענטש איז אַ גאָרטן. ער פאָדערט פלעגונג, אַכטונג־געבן. מענטש איז אָבער אַן אייגנאַרטיקער גאָרטן, ער איז גאָרטן און גערטנער צוזאַמען, אין דער זעלביקער פּערזאָן.

דעם מענטשנס פּסיכישער גאָרטן פאַרלאַנגט קולטיווירונג: ער בעט זיך מ׳זאָל אויסיעטן די גיפטיקע געוויקסן וואָס פאַרצערן זיין ענערגיע, נאָגן אויס זיין חיות און פאַרדרענגען און פאַרדאַרבן זיינע געזונטע און נוצלעכע פלאַנצונגען. מען דאַרף אַרויסרייסן די אַנטי־אינטעראינדיווידועלע, — איןביידע פּשטן פון דעם וואָרט, סיי אויסערלעך און סיי אינערלעך, — געוואוינ־הייטן. מ׳מוז אויסוואָרצלען די שעדלעכע שפּראָצונגען פון דער זעל, די הרגלים וואָס יוזורפּירן דעם ווילן און פאַרלייגן זיך אַרויפצוצווינגען זייער אויטאָקראַטישע הערשאַפט איבער דעם סך־הכל פון האַנדלונגען, וואָס שטעלן צוזאַמען דעם אַלגעמיינעם אויפפיר פון אינדיוויד. עס פאָדערט זיך, אַז מ׳זאָל אָן רחמנות אונטערדריקן די דעספּאָטישע ליידנשאַפטן, וואָס טיראַניזירן די עמפּינדונגען און געפילן, און פאַרגוואַלטיקן די בעסערע פאַרלאַנגען און האַפטע שטימונגען, האַמעווען די שטורמדיקע תאוות וואָס טוען אָן שאָדנס
האַפטע שטימונגען, האַמעווען די שטורמדיקע תאוות וואָס טוען אָן שאָדנס
און ווילן דיקטאַטורעווען איבער די איבעריקע איידעלערע און פיינערע חשקס, גלוסטענישן און וועלטנישן. מ׳מוז באַזייטיקן די דאָזיקע געמיטן,

וועלכע זיינען אויסן צו צעשפליטערן די גאַנצקייט פון דער נשמה און אַרויס־ רופן אַ זעלן־בירגערקריג. מ'איז מחויב צו פאַשטייסן די עמאָציעס וואָס שטערן דעם אינעווייניקסטן גלייכגעוויכט. עס איז אַ חוב צו פאַרטרייבן די שפּירונגען און רעגונגען וואָס פאַרנעמען זיך מיט אינערלעכע אינטריגעס, פסיכישע העצערייען, פאַרשאַפן ערגערניש, קלעמעניש, שברת־לב. און מ'טאָר בשום־אופן ניט דערלאָזן אַז די האַנדלונגען, וואָס ברענגען אַ מינוטיקן גענוס און לאָזן זיך באַצאָלן מיט לאַנגדויערדיק חרטה און פאַרדרוס.

דער נשמה־גאָרטן בעט מ'זאָל אים באַטויען און באַשפּרינקלען, אָנטרינקען מיט דעם לעבעדיקן וואַסער פון האָפענונג און בטחון, באַלייכטן און אָנוואַרעמען זיינע בייטן און קווייטן, קוסטעס און ביימלעך מיט זונען־שטראַלן פון סימפּאַ־ טיע, הייטערער איינזעעניש, היימישקייט, האַרצלעכקייט און פריינטלעכקייט. אָבער דער דערוואַקסענער מענטש איז אַן אייגנאַרטיקער גאָרטן. ער איז אַליין גאָרטן און אַליין גערטנער אין דער זעלביקער פּערזאָן. און די קולטיווירונג פון דעם דערוואַקסענעם מענטשן, דעם בר־דעת, מוז בזה־האופן, פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ סעריע פון אַקציעס, וועלכע באַצוועקן זעלבסט־קולטיווירונג. אַ דערוואַקסענער מענטש דאַרף זיך אַליין פאַרנעמען מיט זיין בילדונג און דערציאונג.

מיט עטלעכע ווערטער, ער דאַרף זיך אָפּגעבן מיט זעלבסט־אויפקלערונג און קולטור־אויפבויאונג.

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט פאַררעכנט אַלס איר טובדא באַהיקפיק צו זיין דעם אינדיוויד אין זיין אָנשטרענג זיך צו צו דערהייבן, פאַרמירן זיין עטישן כאַראַקטער און אויפריכטן זיין אינדיווידואַליטעט.

# אינהאַלט